אַ מתנה פון פריינד

**יעקב און אסתר שאַפּיראָ**

לכבוד זייערע אייניקלעך

**חיהלע, צמח און יצחק**

**שאַפּיראָ**

און

**לאהלע, חנהלע און מרים**

**לאָנדאָן**

# דער זייגער רופט...

צום ערשטן מאָל האָט עס פּאַסירט, וואָס מען האָט נישט געעפנט די טיר פאַר מאָרים גאַסטאָן דיובואַ, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון שול.

יעדן טאָג, ווען מאָרים גאַסטאָן פלעגט אַהיימקומען פון „ליציי", פלעגט זיין מוטער אַליין עפענען פאַר אים די טיר פון זיין הויז.

יעדעם מאָל ווען ער פלעגט דערזען איר פיגור דורך דעם געשליפענעם גלאָז פון דער טיר, פלעגט זיין האַרץ אַ קלאַפּ טאָן מיט פרייד, ווייל ער האָט געוווסט, אַז ווי נאָר זי וועט עפענען, וועט ער דערהערן איר ווייכע זיסע שטימע, וואָס וועט אים באַגריסן ווי מיט אַ געזאַנג: „קאָמאַן סאַווא" — ווי גייט עס דיר, מאָרים גאַסטאָן?

נאָך דער זיסער באַגריסונג פלעגט זיין מוטער אים קושן מיט אַזאַ ליבשאַפט, גלייך ווי זי וואָלט אים שוין ניט געזען אַ לאַנגע צייט. דערנאָך ערשט פלעגט זי אים אויספרעגן, ווי אַזוי עס איז אים געגאַנגען אין שול אין משך פון דעם גאַנצן לערן טאָג.

און מאָרים גאַסטאָן פלעגט איר דערציילן וועגן אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיט אים, זינט ער האָט פאַרלאָזט דאָס הויז, דאָס הייסט פון אינדערפרי ביז נאָכמיטאָג.

די מוטער פלעגט זיך צוהערן צו זיינע ווערטער מיט גרויס אינטערעס, אפילו ווען זי פלעגט זיך איילן צו אַ פרויען־פאַר־זאַמלונג, צו אַ טיי, אָדער צו אַ קאָרטן־שפּיל. אפילו ווען זי פלעגט זיך שטאַרק איילן אַוועקצוגיין, פלעגט זי וואַרטן אויף אים אָנגעטאָן אין איר מאַנטל, מיט איר הוט אויפן קאָפּ, די

הענטשקעס אין די הענט, כדי אים אַ קוש צו טאָן און אים צו באַגריסן, ווען ער פּלעגט זיך צוריקקערן פון „ליציי".

און וואָס האָט פּאַסירט היינט, וואָס זי האָט נישט געעפנט די טיר פאַר אים?

מאָרים גאָסטאָן האָט נאָכאַמאָל אַ דריק געטאָן דאָס מע־שענע גלעקל פון דער רייכער טיר. וואַרטנדיק אַזוי האָט ער זיך דערמאָנט, אַז צומאָל, ווען די מוטער געפינט זיך אויפן צווייטן שטאָק, אָדער אין גאָרטן, לאָזט זי נישט די דינסטן עפע־נען פאַר אים די טיר, ווייל זי אַליין וויל אים באַגריסן די ערשטע. דערפאַר פלעגט אים אויסקומען צו וואַרטן לענגער אויף די אויבערשטע טרעפּ.

ביי דעם דאָזיקן געדאַנק האָט זיך מאָרים גאָסטאָן צעשמיי־כלט. „נישטאָ אַזאַ מאַמע ווי מיינע אין גאַנץ בריסעל. נישט נאָר איז זי שענער פון אַלע מוטערס פון מיינע ליציי־חברים. זי איז אויך אַנדערש אין איר ליבע צו מיר, איר זון. קיין מוטער באַגריסט נישט איר זון ביים צוריקקומען פון ליציי, ווי מיינע". אָפטמאָל באַהאַלט זי זיך אין קאָרידאָר הינטער דער טיר, און ווען ער קומט אַריין אין קאָרידאָר, שפּרינגט זי אַרויס פון איר באַהעלטעניש, יאָגט אים אָן, נעמט אים אַרום, קושט אים און ביידע לאַכן דאַן, ווי עס לאַכן צוויי חברים, ווען זיי שפּילן זיך.

אָבער פאַרוואָס עפנט מען נישט פאַר אים היינט די טיר? אפשר האָט עפּעס פּאַסירט מיט דער מוטער?

מאָרים גאָסטאָן האָט נאָכאַמאָל געוואָלט אַ דריק טאָן דאָס גלעקל, אָבער ווען ער האָט אויפגעהייבן זיין האַנט, האָט זיך זיך פאַרטשעפּעט אָן דעם גאָלדענעם קייטל, וואָס האָט אַרונ־טערגעהאָנגען פון גאַרטל פון זיינע הויזן.

דאַן ערשט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיין מוטער וויל, אַז ער זאָל אַליין עפענען די טיר מיטן שליסל, וואָס זי האָט אים נעכטן אַליין אָנגעהאָנגען אויף דעם גאָלדענעם קייטל, וואָס זי האָט אים געקויפט אַלס מתנה.

„אויך דאָס איז איינער פון דער מוטערס שפּיל־קונצן" — האָט דאָס יינגל אַ קלער געטאָן מיט ליבע און אַריינגעטאָן דעם שליסל, עפענענדיק די טיר. ער איז אַריינגעגאַנגען אין

הויז. צו זיין באַוווּנדערונג האָט ער זיין מוטער נישט געפונען פון יענער זייט טיר.

מיינענדיק, אַז זי באַהאַלט זיך אין אַן אַנדער צימער, איז ער געגאַנגען פאָרויס. די מוטער איז נישט אַרויסגעשפּרונגען פון קיין ווינקעלע. אפילו די דינסטן זיינען אים דאָסמאָל נישט אַנטקעגנגעקומען, ווי עס איז געווען זייער שטייגער.

מאָרים גאַסטאָן האָט זיך פּלוצלונג צעשמייכלט, ווי איינער וואָס דערמאָנט זיך עפּעס: „נישט אַנדערש, נאָר די מוטער וויל זען, צי איך קען זיך אַליין באַדינען ווי אַ דערוואַקסענער, ווען איך קום אַהיים פון ליציי. דערפאַר האָט זי אָנגעזאָגט דער דינערשאַפט, אַז זי זאָל נישט בלייבן אין הויז אין דער שעה".

מאָרים גאַסטאָן האָט אַנידערגעלייגט זיינע ביכער, אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו אַרונטערנעמען זיין מאַנטל פון זיך, האָט דער גרויסער זייגער פון עס-צימער אָנגעהייבן צו קלינגען.

ווי עס איז געווען דעם יינגלס שטייגער, האָט ער אָנגעהייבן צו ציילן די פּאַמעלעכע קלאַנגען פון זייגער: איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף. דערביי האָט ער אַ קלער געטאָן: „ווייזט־אויס, אַז די מוטער מיינע איז אַוועקגעגאַנגען צו אַ טיי און וועט באַלד זיך צוריקקערן פון דאָרט.

אָבער דער זייגער האָט שפּעטער געקלונגען זעקס, זיבן, אַכט, ניין און צען...

— וואָס איז דער מער מיטן זייגער — האָט זיך צעלאַכט דאָס יינגל — איז ער משוגע געוואָרן? וואָס האַלט ער עפּעס אין קלינגען אַן אויפהער?

מאָרים גאַסטאָן איז אַריינגעלאָפן אין עסצימער צו זען, וואָס האָט פּאַסירט מיטן גרויסן זייגער. ער האָט גענומען אַ שטול, זיך אַרויפגעשטעלט אויף איר און געוואָלט עפענען דאָס קליי־נע גלעזערנע טירל, כדי צו זען, וואָס עס טוט זיך אין דער „נעסט", פונוואַנען עס שטעקן אַרויס די קייטן מיט די שווערע מעשענע גירן. ווען ער האָט געוואָלט אַ צי טאָן דאָס גלעזערנע טירל, האָט ער דערזען אַ שאָטן פון אַ פּנים. ער האָט זיך אויף

אַ מינוט צוריקגעצויגן, אָבער באַלד האָט ער זיך אַליין אויסגעלאַכט, זאָגנדיק צו זיך:

— דאָס איז דאָך מיין אייגענער שאָטן.

ער האָט זיך אָנגעהייבן צו פּאָרקען אין דער נעסט, ווו עס געפינט זיך דער מעכאַניזם. אָבער דאָס קלינגען האָט מאָרים גאַסטאָן נישט געקענט אָפּשטעלן. דאָס קלינגען פון דעם זייגער האָט אָנגעפילט דאָס גאַנצע הויז און געקראָכן אין זיינע אויערן אַריין.

מאָרים גאַסטאָן האָט געוואָלט אַ קלינג טאָן דעם גלאָק פון עסצימער, כדי צו רופן עמעצן פון דער דינערשאַפט. אָבער אויף דער מינוט האָט ער אַ קלער געטאָן: „וואָס וויסן די דינסטן? אַ זייגער איז אַ מעכאַניזם, וואָס פאָדערט די קענטעניש פון אַ ספּעציאַליסט. איך וועל בעסער גיין רופן אַ זייגערמאַכער. נאָר אַזאַ בעל מלאכה וועט קענען מאַכן אַ סוף צום קלינגען".

נאָכאַמאָל האָט זיך צעשמייכלט דאָס יינגל ווען ער האָט דערזען די גאָלדענע קייט מיטן הויז־שליסל אַרונטערהענגען פון זיין גאַרטל. ער האָט פאַרשלאָסן מיטן שליסל די פאָדערשטע טיר און האָט זיך געלאָזט גיין זוכן אַ זייגערמאַכער.

מאָרים גאַסטאָן איז דורכגעגאַנגען די גאַנצע גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער קליינער פּאַלאַץ פון זיינע עלטערן, און האָט קיין זייגער־מאַכער דאָרט נישט געפונען. פון איין אַריסטאָקראַטישער גאַס איז ער געגאַנגען אין אַ צווייטער. נאָר קליינע פּאַלאַצלעך האָט ער געזען, קיינע געשעפטן. אַפילו ווען ער איז אַריינגעקומען אין דער רייכער גאַס, ווו עס געפינען זיך די גרויסע געשעפטן, האָט ער קיין זייגערמאַכער דאָרט ניט געפונען. ער איז אַריינגעגאַנגען אין אַ פּאָר געשעפטן, ווו מען פאַרקויפט זייגערס. אָבער קיינער פון די פאַרקויפערס האָט נישט געוואָלט גיין צו אים אַהיים פאַרריכטן זיין זייגער. „מיר פאַרקויפן זייגערס" — האָבן זיי געשמייכלט צום יינגל — „גיי קיין אַנדערלעכט, דאָרט וועסטו געפינען איינעם, וואָס וועט דיר פאַרריכטן דיין זייגער".

איז מאָרים גאַסטאָן אַוועקגעגאַנגען קיין אַנדערלעכט. קוקנדיק אַרויף צו די רעקלאַמעס, האָט ער מאַרשירט לענגאויס דער

## דער זייגער רופט...

גאַנצער יידישער געגנט פון שטאָט, ביז וואַנען ער האָט ענד־לעך דערזען הענגען אין דער הויך אַ בילד פון אַ גאָלדענעם זייגער.

אונטער דעם זייגער האָט ער איז אַ פענצטער געזען זיצן אַ מאַן, וועלכער האָט געקוקט דורך אַ קליין רערעלע אין מע־כאַניזם פון אַ זייגערל, וואָס איז געלעגן פאַר אים אויף זיין אַרבעטס־טיש.

— מאָסיע — האָט געזאָגט מאָרים גאַסטאָן, ווען ער איז אַריינגעקומען אין געשעפט — קענט איר קומען צו מיר אַהיים פאַרריכטן אונדזער גרויסן זייגער? ער האָט אָנגעהויבן צו קלינגען און הערט נישט אויף.

נישט אויפהייבנדיק זיינע אויגן צו זיין קונד, האָט דער זייגערמאַכער אים געענטפערט:

— עס טוט מיר לייד, מאָסיע. איר זעט דאָך! איך בין אַליין אין מיין קראָם. אין אָוונט, ווען מיין ווייב וועט אַהערקומען, וועל איך זי דאָ איבערלאָזן און דאַן גיין צו אייך. לאָזט מיר איבער אייער אַדרעס. פאַרשרייבט אים אויף איינעם פון די פאַפירלעך אין מיין ביכעלע.

— אָבער מיט וואָס זאָל איך פאַרשרייבן? — האָט גע־פרעגט מאָרים גאַסטאָן — איך האָב געלאָזט מיינע ביכער אין דער היים.

— מיט דיינע ביכער? — האָט זיך צעלאַכט דער זייגער־מאַכער, אויפהייבנדיק זיין קאָפּ פון טיש צום יינגל. און איך האָב געמיינט, אַז עס רעדט צו מיר אַ דערוואַקסענער מענטש. אויב דו האָסט נישט קיין בלייפעדער, יינגל, וועל איך דיר געבן.

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט דער זייגערמאַכער אויפ־געהויבן זיין האַנט, כדי אַרונטערצונעמען פון הינטער זיין אויער זיין בלייפעדער.

ווען ער האָט אויפגעהייבן זיין האַנט, האָט זיך זיין אַרבל אַרונטערגערוקט, און מאָרים גאַסטאָן האָט דערזען אויפן זיי־גערמאַכערס האַנט אַ זאַך, וואָס ער האָט ביז איצט נאָך קיינ־מאָל נישט געזען — אַ נומער פון זעקס ציפערן.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם זיי־

גערמאַכער און פון גרוים נייגיר און באַוווּנדערונג האָט ער אָנגערירט די אויסגעבראָכענע ציפערן מיט זיין האַנט.

— וואָס ? — האָט זיך אָנגעברוגזט דער זייגערמאַכער און באַטראַכט דאָס יינגל מיט כעס.

— ווער האָט עס אויסגעקריצט דעם נומער אויף אייער האַנט ? — האָט פאַרגעזעצט דאָס יינגל, נישט באַמערקנדיק דעם זייגערמאַכערס בייזן בליק.

— ווער? דער נאַצי. האָסטו דען נישט געהערט וועגן דעם, אַז מיט אַ שטיקל צייט צוריק האָט געהערשט ביי אונדז אין לאַנד און אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע אַ ווילדע חיה, וואָס האָט געטאָן מיט לעבעדיקע מענטשן, וואָס זי האָט נאָר געוואָלט ?

— איך האָב טאַקע מיט אַ שטיקל צייט צוריק געהערט וועגן דעם נאַצי.

— ערשט מיט אַ שטיקל צייט צוריק ? — האָט אויסגע־רופן מיט כעס דער זייגערמאַכער — און ווו ביסטו געווען די אַלע יאָרן ?

— איך בין קוים אַלט דרייצן מיט אַ האַלב יאָר, מאָסיע ! פינף יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מען האָט באַפרייט בעלגיע פון דעם נאַצי. איך געדענק כמעט גאָרנישט פון יענעם באַ־פרייאונגס־טאָג. מיין מוטער האָט מיר נישט געלאָזט אַרויס־גיין אין דרויסן אין יענעם טאָג . . .

— און פאַרוואָס האָט מען דיר יענעם טאָג נישט געלאָזט אַרויסגיין אין דרויסן ? — האָט דער זייגערמאַכער מיט איראָ־ניע אַ זאָג געטאָן, אַרויפשטעלנדיק דאָס רעדל אויף זיין אָרט און אומקערנדיק זיך צו זיין אַרבעט — מען האָט מורא געהאַט, אַז די גרויסע פרייד קען דיר נאָך פאַרשאַטן צום געזונט ?

— ניין, מאָסיע ! — האָט געענטפערט מאַרים גאַסטאָן, זעענדיק, אַז דער זייגערמאַכער איז עפּעס נישט צופרידן — איך געדענק, אַז יענעם טאָג האָט מיין ניאַניע מיר געזאָגט, אַז מען וועט כאַפּן קינדער אין די גאַסן. דערפאַר האָט מען מיר געהאַלטן אין דער היים. אין גאָרטן. און נישט נאָר יענעם טאָג, נאָר אויך אַ סך אַנדערע טעג נאָך דעם באַפרייאונג יום־טוב.

— דו רעדסט ווי אַ קליין קינד — האָט זיך צעשמייכלט דער זייגערמאַכער און נאָכאַמאָל אַרויפגעקוקט צום יינגל פון דעם צעגלידערטן זייגער, איבער וועלכן ער האָט געאַרבעט.

— איך זע, אַז דו געדענקסט גאָרנישט פון יענע טעג. נאַ דיר דעם בלייפעדער און פאַרצייכן מיר דיין אַדרעס. ווען איך וועל זיך באַפרייען, וועל איך קומען צו דיר פאַרריכטן דיין פאָטערס זייגער.

ווען מאָרים גאַסטאָן האָט אָנגעשריבן זיין אַדרעס, האָט ער זיך נישט געקענט באַהערשן און נאָכאַמאָל אָנגערירט מיט זיינע פינגער דעם אויסגעברענטן נומער אויף דעם זייגער־מאַכערס האַנט . . .

— אָבער פאַרוואָס האָט דער נאַצי אויסגעקריצט אַ נומער אויף אייער האַנט, מאָסיע?

— פאַרוואָס?! ווייל איך בין אַ ייד!

— אַ ייד? אַ ייד! — האָט קוים אַרויסגערעדט מאָרים גאַסטאָן און איז שנעל אַרויסגעלאָפן פון דער קלייט.

אָבער ווען ער איז שוין געווען ווייט, ביים ענדע גאַס, האָט זיך מאָרים גאַסטאָן אָפּגעשטעלט און אַ לאַך געטאָן צו זיך אַליין: „געדעכט איז טאַקע דער זייגערמאַכער. איך פאַרשטיי גאָרנישט. פאַרוואָס האָב איך אייגנטלעך אַזוי זיך דערשראָקן? האָט ער דען געוואָלט מיר טאָן שלעכטס? פאַרוואָס בין איך אַרויסגעלאָפן פון זיין קראָם, ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד? האָט ער דען מיר געוואָלט אַריינכאַפּן אין אַ זאַק, ווי עס פלעגט מיך שרעקן מיין ניאַניע, ווען איך בין געווען אַ קליין קינד? ווייזט אויס, אַז נישט אַלע יידן כאַפּן קינדער און נישט אַלע יידן טוען שלעכטס, ווי עס האָט מיך געלערנט מיין ניאַניע . . .

מאָרים גאַסטאָן איז געלאָפן אַהיים. ער האָט נישט געוואָלט, אַז זיין מוטער זאָל זיך זאָרגן צוליב אים. ער איז געווען זיכער, אַז זי איז שוין דאָ צוריק פון איר „טיי" און אויב זי וועט אים נישט טרעפן אין דער היים איבער זיין שול־אַרבעט, ווי עס איז געווען זיין שטייגער אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן, וועט זי נישט וויסן וואָס איבערצוקלערן וועגן אים.

## זינאַ ראַבינאָוויטש

ווען ער איז אַהיימגעקומען, איז ער געווען אַזוי פאַרסאָפּעט פון לויפן, אַז ער האָט נישט געקענט ענטפערן אויף דער מוטערס פראַגעס.

איין זאַך האָט ער בלויז באַוויזן אַרויסצורעדן אויף דער מינוט:

— און דער זייגער ? קלינגט ער שוין נישט מער? ווער האָט אים פאַרריכט?

— קיינער האָט אים נישט פאַרריכט, מיין טייערער. האָט מען דען אים געדאַרפט פאַרריכטן?

— ווען איך בין געקומען פון ליציי, מאַמע, האָט ער גע־האַלטן אין איין קלינגען, אַזוי אַז איך האָב גאָרנישט געקענט טאָן. אָבער, אפשר האָט אים עמיצער פאַררִיכט — האָט זיך געוווּנדערט דאָס יינגל — האָט אים טאַקע קיינער נישט פאַר־ריכט? ווי קען דאָס זיין, אַז ער האָט אַליין פון זיך אויפגע־הערט צו קלינגען ?

— דו גלייבסט מיר נישט, מאָרים גאַסטאָן? — האָט גע־פרעגט די מאַמע און אַ קלונג געטאָן דעם גלאָק פון עס־צימער. ווען די דינסט איז אַריינגעקומען, האָט זי צו איר אַ זאָג געטאָן:

— אונדזער מאָרים גאַסטאָן מיינט, אַז דער זייגער איז געווען קאַליע און האָט געקלונגען אָן אַ סוף, ווען ער איז געקומען פון שול און איידער איך בין אַהיימגעקומען. האָט עמעצער פון אייך פאַרריכט דעם זייגער היינט?

— ניין, מאַדאַם, קיינער פון דער דינערשאַפט האָט נישט אָנגערירט דעם זייגער היינט. ער האָט געקלונגען היינט ווי יעדן טאָג און ווי עס איז זיין שטייגער, אין צייט, יעדע פערטל שעה.

— קאָן זיין, אַז דיר האָט זיך עס אויסגעוויזן — האָט גע־זאָגט די מאַמע און אָנגעטאַפּט דעם יינגלס שטערן, ווי מען טאַפּט דעם שטערן פון אַ חולה.

— און איך האָב שוין באַשטעלט אַ זייגערמאַכער, אַז ער זאָל קומען פאַרריכטן דעם זייגער — האָט מאָרים גאַסטאָן אַ צעטומלטער און פאַרטראַכטער אַ זאָג געטאָן.

— און וווּ האָסטו געפונען אַ זייגערמאַכער? איז דען פאַראַן אַ זייגערמאַכער אין אונדזער געגנט ?

## דער זייגער רופט...

— דערפאַר טאַקע האָב איך געמוזט גיין אַזש קיין אַנ־דערלעכט, מאַמע.

— קיין אַנדערלעכט ? — האָט אויסגערופן מאָרים גאַס־טאָנס מוטער מיט אַ שטים, אין וועלכער עס איז געווען שרעק און זאָרג.

— שרעק זיך נישט, מאַמע — האָט דאָס ייִנגל זי געוואָלט באַרואיקן — אַנדערלעכט איז גאָרנישט אַזאַ שלעכטע געגנט, ווי מיר זיינען געוווינט צו דענקען ! עס איז נישט אַזוי ווי די ניאַניע פלעגט מיר איינרעדן, ווען איך בין געווען אַ קליין קינד. עס זיינען דאָרט נישט פאַראַן קיין קינדער־כאַפּערס אין די גאַסן, און דער זייגערמאַכער, וועמען איך האָב באַשטעלט צו קומען פאַרריכטן דעם זייגער, איז אַ גאַנץ סימפּאַטישער מענטש, כאָטש ער איז אַ ייִד . . .

— אַ ייִד ?! — האָט מאַדאַם דיובוא אויסגעשריען מיט שרעק צום ייִנגל.

— יאָ, אַ ייִד, מאַמע ! אָבער ער מאַכט זייער אַ גוטן איינ־דרוק. איך בין זיכער, אַז ער וועט דיר אויך געפעלן ווערן. ער האָט אַזאַ מאָדנעם בליק. אַביסל שניידט דער בליק זיינער, אָבער זיינע בלויע אויגן זיינען אַזעלכע אומעטיקע, גלייך ווי ער וואָלט געהאַלטן אין וויינען, און ווען ער האָט מיר אַ גלעט געטאָן מיט זיין האַנט . . .

— וואָס ?! און דו האָסט זיך געלאָזט, אַז ער זאָל דיר גלעטן מיט זיין האַנט — האָט אַרויסגעשיפּעט מאַדאַם דיובוא שרעקנדיק איר זון מיט אירע אויסגעשטאַרטשעטע אויגן.

— איך זאָג דיר, מאַמע, אַז ער איז גאָרנישט ענלעך צו די ייִדן, וועגן וועלכע עס פלעגט מיר דערציילן מיין ניאַניע. אַזאַ איינער איז נישט פון די קינדער־כאַפּערס.

— און דאָך האָסטו גאָרנישט מורא געהאַט זיך צו לאָזן ?

— איך האָב גאָרנישט מורא געהאַט, מאַמע. פאַרקערט, ווען ער האָט געקוקט אויף מיר, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז ער זעט אין מיר אַ באַקאַנט ייִנגל. עס קען זיין, אַז ער האָט אויך אַזאַ זון אין מיין עלטער. דערפאַר האָט ער אַזוי געקוקט אויף מיר אַזוי, מאַמע.

— אַלנפאַלס, זונעלע — האָט אים מאַדאַם דיובוא איבער־

געשלאָגן אין די רייד — וועסטו מער נישט גיין אין דער געגנט, וווּ עס וווינען די יידן פון בריסעל, קיין אַנדערלעכט. דו וועסט זיך צוהערן צו מיין עצה, מיין קינד.

— אָבער דער זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט וועט קומען צו אונדז היינט אין אָוונט.

— געפין שנעל אויס זיין טעלעפאָן-נומער און קלינג אָן צו אים, אַז מיר דאַרפן אים נישט, ווייל אונדזער זייגער איז אין אָרדענונג.

— ביסטו זיכער, מאַמאַ, אַז קיינער האָט אים נישט פאַרריכט?

— דו גלייבסט מיר נישט, מאַרים גאַסטאָן? — האָט גע־שמייכלט מאַדאַם דיובוא און האָט זיך איבערגעצלמט.

צום ערשטן מאָל האָט מאַרים גאַסטאָן געזען זיין מוטער זיך איבערצלמען נישט אין דער צייט פון גאָטעסדינסט און ער האָט זיך דערפילט זייער שולדיק.

„צוליב מיר האָט עס די מוטער געטאָן", האָט דאָס יינגל אַ טראַכט געטאָן, „אָבער פאַרוואָס האָט זי זיך פּלוצלונג אי־בערגעצלמט? פאַרוואָס? וואָלט איך איר דען נישט געגלייבט אָן דעם?"

אַ צווייפל האָט פּלוצלונג אָנגעפילט מאַרים גאַסטאָנס האַרץ. דער צווייפל האָט זיך צעוואַקסן אין אָוונט, ווען זיין פאָטער, מאַרקיז גאַסטאָן דיובוא, האָט זיך אומגעקערט אַהיים.

יעדן טאָג אין דער צייט, ווען עס פלעגט זיך דערהערן דעם פאָטערס קלונג אין טיר, פלעגט מאַרים גאַסטאָן לויפן אים עפענען, כדי צו זיין דער ערשטער צו באַגריסן דעם פאָטער און אים אַ קוש צו טאָן. דאָס מאָל האָט מאַדאַם דיובוא אויס־געשריען פון איר צימער:

— ריים נישט איבער דיין אַרבעט, מאַרים גאַסטאָן, איך וועל אַליין באַגריסן דעם פּאַפּאַ. ווער פאַרטיק מיט דיין שול־אַרבעט, איידער מיר גייען עסן אָוונט-ברויט.

צוערשט האָט מאַרים גאַסטאָן נישט געזען אין דעם קיין אויסערגעוויינלעכעס פון זיין מוטערס זייט. ער האָט זיך טאַקע היינט פאַרשפּעטיקט צוליב זיין גיין קיין אַנדערלעכט און ער

## דער זייגער רופט...

וועט נישט פאַרטיק ווערן מיט זיינע ליצײ־אויפגאַבעס ביזן עסן.

אָבער פּלוצלונג, טוענדיק זיין אַרבעט, האָט ער דערהערט, אַז זיין מוטער האַלט אין איין רעדן מיטן פאָטער אין איינעם פון די צימערן... דער לאַנגער שטילער פליסטער האָט אין יינגל אַרויסגערופן אַ מאָדנעם פאַרדאַכט.

„וועגן וואָס ריידן זיי דאָס אַזוי פיל אין דער שטיל״? — האָט ער געטראַכט — „זאָל דאָס זיין וועגן מיין גיין קיין אַנ־דערלעכט? איז עס טאַקע אַזאַ גרויס פאַרברעכן צו גיין זוכן אַ זייגערמאַכער אין דער געגנט, וווּ עס וווינען יידן?

אין דער צייט פון דער וועטשערע האָבן זיינע עלטערן זיך נישט געסודעט, אָבער מאַרים גאַסטאָן האָט געפילט, אַז זיי קוקן זיך איבער מיט מאָדנע בליקן...

פּלוצלונג האָט זיין פאָטער, נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן, אַ זאָג געטאָן צו אים:

— אַנדערלעכט, זון מיינער, איז נישט קיין געגנט, וואָס פּאַסט זיך פאַר דיר. די איינוווינער פון יענער געגנט זיינען גאָר פון אַן אַנדער סאָרט...

— איך האָב דאָרטן נישט באַגעגנט קיין קינדער־כאַפּערס, פּאַפּאַ! און איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס איר זאָרגט זיך אַזוי וועגן דעם.

— איך זאָרג זיך נישט, זון, איך ווייס, אַז דו ביזט קלוג גענוג און דערוואַקסן גענוג און אַז קיינער קען דיר נישט אויס־כאַפּן, אָבער איך וואָלט נישט וועלן, אַז מען זאָל ריידן אין בריסעל, אַז דער זון פון מאַרקיז גאַסטאָן דיובואַ באַזוכט אַנדערלעכט...

— איך זאָג נישט, פּאַפּאַ, אַז אַנדערלעכט איז אַ שיינע געגנט. די הייזער זיינען דאָרט גאַנץ אַלטע, טייל זיינען אַביסל אויסגעקרימט, גלייך ווי זיי וואָלטן געהאַלטן ביים איינפאַלן. אָבער די איינוווינער זיינען גאָרנישט אַזעלכע שלעכטע, ווי איך פלעג דענקען. דעם אמת זאָג איך דיר, אַז דער זייגער־מאַכער, כאָטש ער איז אַ ייד, האָט געמאַכט אויף מיר אַ מאָדנע גוטן איינדרוק. איבערהויפּט האָט געמאַכט אויף מיר

אַן איינדרוק דער נומער וואָס איז אויסגעקריצט אויף זיין האַנט . . . זעקס ציפערן האָט דער נומער, פּאַפּאַ !

— זעקס ציפערן ?! — האָט אויסגעשריען מאַדאַם דיובואַ מיט אַ מאָדנער און דערשראָקענער שטימע — דו האָסט מיר נישט דערציילט פריער, אַז ער האָט אַ נומער אויף זיין האַנט, מאָרים גאַסטאָן !

— אַ נומער האָט דער זייגערמאַכער אויף זיין האַנט — האָט אַרויסגעשיפּעט דער מאַרקיז.

נישט ווייסנדיק, צי דער נומער איז אַ שלעכטער צי אַ גוטער סימן פאַרן זייגערמאַכער, האָט מאָרים גאַסטאָן גאָר־נישט געענטפערט זיינע עלטערן אויף זייער אויסרוף. אין דער שטיל האָבן פאָטער, מוטער און זון געענדיקט עסן די וועט־שערע, אין דער שטיל זיינען אַלע אַרויס פון עס־צימער. דער מאַרקיז דיובואַ און זיין ווייב זיינען אריינגעגאַנגען אין סאַלאָן, און מאָרים גאַסטאָן איז אַריינגעגאַנגען צו זיך אין צימער צו ענדיקן די ליציי־אויפגאַבעס אויף מאָרגן.

אָבער עס האָט זיך אים נישט געאַרבעט גוט יענעם אָוונט. הגם ער האָט נישט געהערט מיט זיינע אויערן, האָט ער גע־פילט מיט זיין האַרצן, אַז זיינע עלטערן האַלטן זיך אין איין סודען וועגן אים.

„האָב איך טאַקע אַזוי געזינדיקט מיט דעם, וואָס איך בין געגאַנגען קיין אַנדערלעכט?" — האָט מאָרים גאַסטאָן געוואָלט וויסן, — „סודען זיך טאַקע מיינע עלטערן וועגן מיין גיין דאָרט? פאַרוואָס זאָגן זיי עס מיר נישט? וואָס באַאומרואיקט זיי ? בין איך דען נישט זייער זון, זייער איינציקער זון?"

* * *

אין יענער נאַכט האָט מאָרים גאַסטאָן נישט געקענט שלאָפן. ער האָט טאַקע באַלד איינגעדרימלט, ווי נאָר ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט, אָבער זיין דרימל האָט לאַנג נישט געדויערט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פּלוצלונג מיט אַ שרעק אין האַרצן און מיט אַ פראַגע: „סודען זיך נאָך אַלץ מיינע על־טערן ? וועגן וואָס סודען זיי זיך?"

מאָרים גאַסטאָן האָט געקוקט אַ שטיקל צייט אויף דער סטעליע פון זיין צימער און געקלערט:

# דער זייגער רופט...

„ביז איצט פלעג איך קיינמאָל גאָרנישט באַהאַלטן פון מיינע עלטערן. אויך זיי פלעגן קיינמאָל נישט האָבן פאַר מיך קיין סודות. און פּלוצלונג סודען זיי זיך און היטן זיך פאַר מיר. האָט מיין גיין קיין אַנדערלעכט געשאַפן אַזאַ טיפן רים צווישן אונדז? אויב איך האָב געזינדיקט קעגן זיי, וועל איך גיין צו זיי אין צימער אַריין, קניען פאַר זיי, ווי איך טו עס פאַרן גלח אין קלויסטער און בעטן ביי זיי, אַז זיי זאָלן מיר מוחל זיין מיין זינד, וואָס איך האָב געזינדיקט צופעליק, אָן שום בייזע כוונות".

אין דער מינוט האָט מאַרים גאַסטאָן געלאָזט זיך גיין פון זיין צימער, אָבער מיטאַמאָל האָט אָנגעהייבן קלינגען דער גרויסער זייגער פון עס-צימער. ער האָט געקלונגען צוויי מאָל.

מאַרים גאַסטאָן האָט נישט געוווסט, צי דער זייגער האָט געקלונגען אויף דער האַלבער שעה, צי ווייל עס איז שוין צוויי אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט.

איז ער שטילערהייט, נישט אָנצינדנדיק קיין ליכט, גע־גאַנגען אין עס-צימער, כדי דאָרט צו זען, ווי שפּעט עס איז. אויב עס איז צוויי אַזייגער פאַרטאָג, וועט ער איבערלאָזן דאָס רעדן מיט די עלטערן אויף מאָרגן פרישטיק-צייט.

ווען מאַרים גאַסטאָן האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטול, כדי צו זען פון דער נאָנט, וווּ עס שטייען די ווייזערס פון דעם גרויסן זייגער, האָט ער נאָכאַמאָל דערזען אין גלע־זערנעם פענצטערל אַ שאָטן פון אַ פּנים.

„דאָס איז דאָך דער שאָטן פון דעם זייגערמאַכערס פּנים" — האָט ער אַ קלער געטאָן צוריקציענדיק זיך פון דעם זייגער. „און אפשר האָט זיך דאָס מיר נאָר אויסגעוויזן? אפשר בין איך גאָר קראַנק? מיין מוטער האָט דאָך געטאַפּט מיין שטערן, ווי מען טאַפּט דעם שטערן פון אַ קראַנקן".

אַ פאַרזאָרגטער האָט מאַרים גאַסטאָן געוואָלט זיך צוריק־קערן אין זיין צימער און צו זיין בעט. אָבער אין דער זעלבער מינוט האָט ער דערזען אַ פּאַס ליכט פון אונטער איינער פון די ווייטע טירן פון דעם גרויסן הויז.

דער פּאַס ליכט האָט אים געצויגן צו זיך. „זאָל זיין, אַז

מיינע עלטערן זיצן נאָך אין דעם ווייטן סאַלאָן און סודען זיך וועגן מיר?"

אויף די שפּיץ פינגער איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און איינהאַלטנדיק דעם אָטעם האָט ער זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך, וואָס איז פאָרגעקומען אויף יענער זייט טיר.

— מען דאַרף זיך דערוויסן, ווער איז דער זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט — האָט גערעדט דער מאַרקיז דיובוא — אפשר איז ער גאָר געקומען קיין בריסעל פון ווייט און ער וויסט גאָרנישט, וואָס דאָ איז ביי אונדז פאָרגעקומען אין דער צייט פון קריג ?

— אָבער ווי אַזוי קען מען דאָס אויסגעפינען? — האָט געזאָגט די מאַדאַם דיובוא — קאָנסטו אפשר צופאָרן צו אים און פשוט אַ פרעג טאָן, פון וואַנען ער איז? ווי לאַנג ער געפינט זיך ביי אונדז אין בריסעל און צי ער איז געקומען אַהערצו, כדי נאָכצושפּיאָנירן וועגן אונדזער זון?

— הער אויף, מאַדאַם דיובוא! — האָט דער מאַרקיז געזאָגט צו זיין ווייב — איז דען דער זייגערמאַכער נאָכגעגאַנגען נאָך אונדזער יינגל? אונדזער יינגל איז דאָך אַליין געגאַנגען צו אים אים בעטן, אַז ער זאָל פאַרריכטן דעם זייגער. עס קען זיין, אַז ער וויסט פון גאָרנישט, אַז ער איז אַ נייגעקומענער פון נאָך דעם קריג.

— נאָך גוט, וואָס איך האָב באַוויזן צו קומען פרי פון מיין „טיי", — האָט געענטפערט מאַדאַם דיובוא — און נאָך גוט וואָס איך האָב געקענט באַצייטנס אָפּשטעלן דאָס קלינגען פון זייגער, איידער די דינסטן האָבן דאָס דערהערט אין זייערע צימערן . . .

— מיין מוטער האָט מיר געזאָגט אַ ליגן — האָט זיך מאָריס גאַסטאָן אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ מיט ביידע הענט — איך האָב באַלד דערפילט, אַז זי נאַרט מיך אָפּ, ווען זי האָט זיך איבערגעצלמט פאַר מיר . . .

פון גרויס ווייטאָג האָט זיך דאָס יינגל געוואָלט צעוויינען, אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט, ווייל גרויס איז געווען זיין נייגיר צו וויסן, אין וואָס עס באַשטייט דער סוד פון זיינע עלטערן.

## דער זייגער רופט...

— און גאַסטאָן האָט דיר געגלויבט, ווען דו האָסט אים פאַרזיכערט, אַז קיינער האָט נישט פאַרריכט דעם זייגער? — האָט דער מאַרקיז ווידער געפרעגט זיין פרוי.

— איך בין זיכער אין דעם! — האָט געענטפערט די מאַדאַם דיובוא — איך האָב געלערנט אונדזער זון צו זאָגן דעם אמת און צו גלייבן, אַז אַלץ, וואָס איך זאָג, איז דער ריינער אמת. דאָך וואָלט איך געזאָגט, מאַרקיז דיובוא, אַז עס וואָלט נישט געשאַדט מיר זאָלן פאַרקויפן דעם זייגער. איך האָב זייער מורא, אַז צוליב דעם זייגער זאָל זיך נישט אַנטפּלעקן אונדזער סוד, פּאַפּאַ.

— נאַרישקייטן, מאַמאַ — האָט דער מאַרקיז געלאַכט — מיר האָבן דאָך דעם זייגער געקויפט אין לאָמבאַרד.

— אמת, אין לאָמבאַרד, אָבער אין דער זעלבער שטאָט, אין אַנטווערפּן, פּאַפּאַ.

— אָבער מאַמאַ, עס איז פאַראַן מער ריזיקע, אויב מיר וועלן פאַרקויפן דעם זייגער, איידער מיטן זייגער דאָ אין שטוב. אונדזער זון איז זייער קלוג. ער איז טאַקע יונג, אָבער ער האָט אויף זיינע פּלייצעס אַ קאָפּ פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן. מען דאַרף זיך היטן פאַר אים . . .

די לעצטע ווערטער האָבן אַזוי געווירקט אויפן יינגל, אַז ער האָט מער שוין ניט געקענט אויסהאַלטן. ער איז אַריינגעלאָפן צו זיך אין צימער אַריין, אַנידערגעפאַלן אויף די קני פאַר דער איקאָנע און זיך איבערגעצלמט, אָנפאַנגענדיק צו פּליסטערן:

„פאָטער אין הימל! אפשר וועסטו מיר ווייזן די ליכט, כדי איך זאָל דערזען דעם סוד, וואָס מיינע טאַטע־מאַמע באַהאַלטן פון מיר? . . .

* * *

ווען מאַרים גאַסטאָן איז אויפגעשטאַנען אויף מאָרגן, האָט ער אויסגעזען זייער מיד און בלייך.

— פאַרוואָס עסטו נישט, זונעניו? — האָט אים געהאַלטן אין איין פרעגן די מאַדאַם דיובוא — אפשר ביסטו קראַנק?

— אפילו אויב דיר ווייזט זיך אויס, אַז ער האָט נישט

קיין היין, — האָט זיך געבעטן דער מאַרקיז ביי זיין ווייב — רוף אַ דאָקטאָר צום קינד.

— איך בין נישט קראַנק — האָט געזאָגט מאָרים גאַסטאָן נעמענדיק זיינע ביכער — איך מוז גיין אין ליציי. פאַרגעסט נישט, אַז איך בין אין העכסטן קלאַס און אַז עס איז פאַר גראַדואיר-צייט. איך קען נישט פאַרפעלן קיין איין טאָג.

אָבער אין ליציי האָט זיך מאָרים גאַסטאָן נישט געקענט קאָנצענטרירן אויף קיין שום זאַך. די לערער זיינע, וועלכע האָבן זייער גוט געקענט זייער בעסטן שילער, האָבן זיך נישט ווייניק געוווּנדערט, וואָס ער זיצט אין קלאַס ווי אַ פרעמדער, גלייך ווי עס גייט אים נישט אָן דאָס, וואָס מען לערנט.

— האָט עפּעס פּאַסירט ביי דיר אין דער היים, מאָרים גאַסטאָן ? — האָבן אים די לערער געפרעגט.

— ניין, עס האָט גאָרנישט פּאַסירט — האָט געענטפערט דאָס יינגל יעדן איינעם. אָבער ביי זיך אין הארצן האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן: „יאָ, עס האָט פּאַסירט. מיינע טאַטע-מאַמע באַהאַלטן אוים פון מיר אַ סוד. פון מיר, זייער איינציקן זון" . . .

דער לערער פון דער לעצטער לעקציע האָט גאָרנישט געפרעגט דעם יינגל, ווען ער האָט באַמערקט, אַז דער בעסטער שילער קען נישט לערנען דעם טאָג. ער האָט פשוט אים געהייסן גיין אַהיים זיך אויסרוען:

— מאָרגן וועסטו אָניאָגן דעם טאָג, וואָס דו פאַרפעלסט היינט. קען זיין, אַז דיר טוט וויי דער קאָפּ, מאָרים גאַסטאָן.

ווען מאָרים גאַסטאָן איז אַרויסגעגאַנגען פון ליציי איז ער געשטאַנען אַ ווײַלע ביים טויער. „מיינע עלטערן האָבן זיך געסודעט וועגן דעם זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט" — האָט ער אַ קלער געטאָן — „אפשר וועל איך זיך דערוויסן פון אים אין וואָס עס באַשטייט זייער סוד"?

ער האָט גענומען דעם טראַמוויי און געפאָרן קיין אַנדערלעכט.

מאָסיע ! — האָט געזאָגט מאָרים גאַסטאָן, ווען ער איז אַריינגעקומען אין דעם זייגערמאַכערס קראָם — איך וויל זיך אַנטשולדיקן פאַר אייך, וואָס איך האָב אייך נעכטן אומזיסט

איינגעלאַדן צו מיר אַהיים פאַרריכטן אַ זייגער. גלייבט מיר, אַז דער זייגער האָט שוין מער נישט געקלונגען, ווען איך בין געקומען אַהיים, און דערפאַר האָב איך אייך טעלעפאָנירט.

— איך האָב טאַקע אַזוי פאַרשטאַנען — האָט געזאָגט דער זייגערמאַכער, נישט אָפּרייסנדיק זיינע אויגן פון זיין אַרבעט.

— איר זיינט נישט ברוגז אויף מיר, מאַסיע ?

— ברוגז ? — האָט אַ שמייכל געטאָן דער זייגערמאַכער אַרונטערנעמענדיק דאָס רערל פון זיין אויג — איך בין קיינמאָל נישט ברוגז אויף קינדער . . . קינדער טוען דאָס, וואָס מען הייסט זיי טאָן. מען האָט דיר געהייסן, אַז דו זאָלסט מיר טע־לעפאָנירן, האָסטו מיר טעלעפאָנירט . . .

פלוצלונג איז דעם ייִנגל געקומען אויפן געדאַנק, אַז דעם זייגערמאַכערס פּנים האָט ער געזען ביינאַכט, ווען ער האָט געוואָלט זיך איינקוקן אין דעם זייגערס גלעזערנעם טירל.

— יאָ, דעם שאָטן פון דאָזיקן פּנים האָב איך געזען אין גלאָז פון זייגערס טירל — האָט ער ביי זיך באַשלאָסן. ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע און אַ פרעג געטאָן:

— מאַסיע ! מיט וואָס קען מען איינשטילן אַ זייגער, ווען ער האַלט אין איין קלינגען ?

— מיט וואָס ? — האָט געשמייכלט דער זייגערמאַכער -- דענקסטו נישט, אַז דאָס איז אַ נאַרישע פראַגע? פאַרשטייט זיך, אַז נישט מיט קיין תפילה און נישט מיט קיין געזאַנג ! נאָר מיט די הענט !

— איר, מאַסיע, קענט איינשטילן אַ זייגער, וואָס צעקלינגט זיך, מיט די הענט, אָבער איינער, וואָס ווייסט נישט, וואָס איז נישט קיין זייגערמאַכער, ווי אַזוי קען אַזאַ איינער איינשטילן אַ זייגער ?

— אויב ער האָט אַ שליסל, קען ער דאָס לייכט טאָן.

— אַ שליסל ? — האָט דאָס ייִנגל איבערגעחזרט אַ פאַר־טראַכטער און נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן האָט ער געזאָגט: — דענקט איר, מאַסיע, אַז צו יעדן זייגער גיט מען צו אַ שליסל אים איינצושטילן ? אפילו ווען מען קויפט דעם זייגער אין אַ לאָמבאַרד ?

— און פון וואַנען ווייסטו, אַז דיינע עלטערן האָבן דעם

זייגער געקויפט אין אַ לאָמבאַרד ? — האָט זיך מיטאַמאָל זייער פאַראינטערעסירט דער זייגערמאַכער און איבערגעלאָזט דעם צעשרויפטן זייגער, איבער וועלכן ער האָט געאַרבעט.

— אַזוי האָב איך געהערט, מאַסיע ! זיי האָבן דעם זייגער געקויפט אין אַ לאָמבאַרד אין אַנטווערפּן.

— אין אַנטווערפּן ? — האָט איבערגעחזרט דער זייגער־מאַכער מיט גרויס אויפרעגונג.

— פאַרוואָס זענט איר מיטאַמאָל אַזוי בלייך געוואָרן, מאַסיע ? — האָט אַ פרעג געטאָן דאָס ייִנגל, נישט אַרונטער־נעמענדיק זיינע אויגן פון די זעקס ציפערן, וואָס האָבן אים גערייצט.

דער זייגערמאַכער האָט אַריינגעטאָן זיין פּנים אין זיינע הענט און איז געזעסן אַזוי אַ שטיקל צייט, נישט ענטפערנדיק דעם ייִנגל קיין איין וואָרט.

קוקנדיק אויף דעם זייגערמאַכערס אויסגעבערענטן נומער האָט דאָס ייִנגל געקלערט:

„דעם גרויסן זייגער האָט מען געקויפט אין אַנטווערפּן. דעם זייגערמאַכערס פּנים איז פּלוצלונג בלאַס געוואָרן, ווען איך האָב דערמאָנט די שטאָט, וווּ מען האָט געקויפט דעם זייגער. אפשר איז דאָס זיין זייגער, וואָס ער האָט אַמאָל פאַר־זעצט אין לאָמבאַרד, ווען ער האָט זיך געניייטיקט אין געלט? אפשר דערפאַר האָבן זיך געסודעט מיינע עלטערן וועגן מיר און וועגן מיין גיין קיין אַנדערלעכט? אפשר דערפאַר ווילן זיי נישט, אַז איך זאָל גיין צו דעם זייגערמאַכער, וועמענס זייגער זיי האָבן אָפּגעקויפט אין לאָמבאַרד ?

— איך וויל אייך נישט שטערן, מאַסיע, אין אייערע גע־דאַנקען — האָט דאָס ייִנגל אויסגערופן — אַ רעוווּאַר, אויף ווידערזען, מאַסיע ! — און ער איז אַרויסגעגאַנגען פון קראָם.

— ייִנגל, ייִנגל ! — האָט אים נאָכגעשריען דער זייגער־מאַכער.

— מאַסיע ! — האָט מאַריס גאַסטאָן אַ פרעג געטאָן, ווען ער איז צוריק אַריין אין קראָם — איר האָט מיך גערופן ?

— דו ביסט דאָס דער זון פון דעם מאַרקיז דיובוא, וועמענס אַדרעס דו האָסט פאַרשריבן נעכטן אין מיין ביכעלע ?

## דער זייגער רופט...

— יאָ, מאָסיע! אויך מיין נאָמען איז גאַסטאָן דיובואַ, ריכטיקער — מאָרים גאַסטאָן דיובואַ.

— וועגן דעם זייגער, מאָרים גאַסטאָן, וועגן דעם זייגער וואָס דיינע עלטערן האָבן געקויפט אין אַנטווערפּן, אין אַ לאָמבאַרד. וואָלט איך אים געקאָנט זען?

— וואָלט איר אים אפשר געוואָלט קויפן, מאָסיע?

— קויפן? עס רעדט זיך לייכט „קויפן". ווילן דען דיינע עלטערן אים פאַרקויפן?

— איך האָב געהערט, אַז זיי וואָלטן אים פאַרקויפט.

— אויב דו ווילסט מיר טאָן אַ טובה, מאָרים גאַסטאָן, פרעג זיי!

אָבער אין דער מינוט האָט זיך דער זייגערמאַכער צוריק־געכאַפּט:

— אָבער ווער ווייסט, צי דאָס איז דער זייגער?

— ווילט איר קויפן נאָר אַ געוויסן סאָרט זייגער, מאָסיע? זוכט איר נאָר אַ געוויסן זייגער?

— איך זוך נאָר איין זייגער, מאָרים גאַסטאָן! מיין ברו־דערס זייגער... נאָר מיין ברודערס זייגער. קיין אַנדערן זוך איך נישט.

אַ שטיקל צייט זיינען געשטאַנען איינער אַנטקעגן אַנדערן דער זייגערמאַכער און דער זון פון מאַרקיז דיובואַ. יעדער איינער פון זיי האָט געטראַכט זיינע גדאַנקען אין געהיים.

— האָט אייער ברודער פאַרזעצט זיין זייגער אין לאָמ־באַרד, מאָסיע? — האָט פּלוצלונג אַרויסגערעדט דאָס יינגל.

— ניין, מאָרים גאַסטאָן! אַזאַ זייגער? מיין ברודער וואָלט אים נישט פאַרזעצט און נישט פאַרקויפט, אפילו מען וואָלט אים געגעבן דעם גרעסטן קאַפּיטאַל!

— טאָ ווי אַזוי זשע איז דער זייגער אַריינגעפאַלן אין לאָמבאַרד?

— האָב איך דיר דען נישט געזאָגט, אַז עס האָט געהערשט ביי אונדז אין בעלגיע אַ שלעכטע ווילדע חיה, דער נאַצי? ער האָט געלערנט די בעלגישע שכנים צו טאָן שלעכטס. זיי האָבן פאַרמסרט מיין ברודער, אַז ער איז אַ ייד, און דערנאָך האָבן זיי אויסגערויבט זיין הויז און זיין גאַנצן פאַרמעגן. עס קען זיין,

אַז זיי האָבן צעראַבירט זיין הויז, נאָך איידער די דייטשן זיינען געקומען אים נעמען... קאָן זיין, אַז זיי האָבן מורא געהאַט צו האַלטן ביי זיך דעם זייגער, און נישט געפינענדיק קיין קונה פאַר אים, האָבן זיי אים פאַרזעצט אין לאָמבאַרד אין אַנטווערפּן, כדי פּטור צו ווערן פון אים...

אַ נייע וועלט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַרן יינגל. אמת, פיל זאַכן זיינען נאָך פאַר אים נישט געוועזן קלאָר, אָבער עס האָט אים געצויגן צום זייגערמאַכער, ווייל ער האָט געפילט, אַז דורך אים וועלן זיי אים קלאָר ווערן...

— און ווו איז אייער ברודער איצט, מאָסיע? — האָט געהאַלטן דאָס יינגל אין איין פאָרשן — אין אַנטווערפּן?

— ווי קען איינער ווינען אין דער שטאָט, ווו מען האָט פון אים אַ תל געמאַכט?

— איר מיינט צו זאָגן, אַז מען האָט צוגענומען ביי אים זיין גאַנץ פאַרמעגן, מאָסיע?

— מען האָט ביי אים צוגערויבט פיל וויכטיקערס ווי זיין פאַרמעגן, מאָרים גאַסטאָן.

— וואָס אַ שטייגער, מאָסיע?

— זיין קינד, מאָרים גאַסטאָן! זיין קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן צו מיין ברודער 18 יאָר נאָך זיין חתונה. זיין קינד וואָלט שוין איצט אַלט געוועזן אַ יאָר פערצן...

„איצט איז פאַר מיר קלאָר, פאַרוואָס ער האָט אַזוי געקוקט אויף מיר" — האָט אַ קלער געטאָן מאָרים גאַסטאָן מיט מיטלייד.

דער זייגערמאַכער האָט נאָכאמאָל צוגעדעקט זיין פּנים מיט די הענט. מאָרים גאַסטאָן איז געבליבן שטיין ביי דעם ווייגערמאַכערס טיש. ווען דער זייגערמאַכער האָט ענדלעך אַ קוק געטאָן צו אים, האָט ער אים געזאָגט:

— איך דערקאָן אין דיר, מאָרים גאַסטאָן, אַז דו וואָלסט מיר וועלן העלפן מיט עפּעס. ווען דו וואָלסט מיר געקענט וויזן דעם זייגער, דעם גרויסן זייגער וואָס דיינע עלטערן האָבן געקויפט אין לאָמבאַרד אין אַנטווערפּן...

— איך וועל אים אייך ווייזן, מאָסיע. איך ווייס נישט גענוי ווען, ווייל איך קען ניט וויסן פאָרויס, ווען מיינע עלטערן וועלן

נישט זיין אין דער היים. אָבער איך זאָג אייך צו, אַז אין אַן אָוונט, ווען זיי וועלן נישט זיין אין שטוב, וועל איך אייך אָנטעלעפאָנירן.

—וועל איך נעמען אַ טאַקסי און באַלד צופאָרן צו אייך. איך וועל קיין סך צייט נישט פאַרברענגען ביי אייך. בלויז אַ קוק טאָן אויפן זייגער. איין בליק איז גענוג פאַר מיר. בלויז מיט איין בליק וועל איך וויסן, צי דאָס איז מיין ברודערס זייגער...

---

ווען מאָרים גאַסטאָן איז אַהיימגעקומען, האָט ער מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן זיין צווייטן באַזוך אין אַנדערלעכט. ער האָט זיך שוין נישט געפילט ווי אַ זינדיקער. אויך אין דעם אָוונט האָט ער באַמערקט, אַז זיינע עלטערן סודען זיך פאַר אים און ווינקען זיך איבער איינער מיטן אַנדערן .ביי זיך אין הארצן האָט ער געקלערט:

„איר באַהאַלט אַ סוד פון מיר, באַהאַלט איך אַ סוד פון אייך!" און ער איז געווען צופרידן, וואָס ער איז נאָכאַמאָל געגאַנגען צום זייגערמאַכט פון אַנדערלעכט.

וואָס מער זיינע עלטערן האָבן זיך געסודעט אַרום אים, אַלץ מער האָט מאָרים גאַסטאָן געוואָלט אַרויסהעלפן דעם בלייכן זייגערמאַכער...

די איינציקע הילף, וואָס דער זייגערמאַכער האָט געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל אים ווייזן דעם גרויסן זייגער, וועט ער אים געבן. מאָרים גאַסטאָן האָט געטראַכט וועגן דעם יעדן אָוונט, אָבער עס האָט זיך אַזוי גיך נישט געמאַכט קיין מעגלעכקייט צו ווייזן דעם יידישן זייגערמאַכער דעם זייגער.

די עלטערן זיינע, מארקיז דיובואַ און זיין ווייב, האָבן אָנגעהייבן אויסצומיידן אים איבערלאָזן אַליין אין הויז. יעדן אָוונט ווען זיי פלעגן אַרויסגיין באַזוכן זייערע באַקאַנטע, פלעגן זיי פאָדערן, אַז מאָרים גאַסטאָן זאָל מיטגיין, אָדער מיטפאָרן מיט זיי. אָפטמאָל פלעגט ער זיך בעטן ביי זיי, אַז זיי זאָלן אים לאָזן אַליין אין דער היים, ווייל ער האָט זייער אַ סך אַרבעט פאַר זיינע עקזאַמענס. אָבער ווען זיי פלעגן אים לאָזן

אַליין אין שטוב, פּלעגט בלייבן מיט אים איינער פון די באַדינערס.

— פאַרוואָס גייסטו נישט צו זיך אין דיין צימער? — האָט מאָרים גאַסטאָן איינמאָל געזאָגט צו זיין באַדינער — בין איך דען אַ קליין יינגל, וואָס מען קען מיך נישט לאָזן אַליין, ביז וואַנען מאַרקיז און מאַדאַם דיובואַ וועלן זיך אומקערן צוריק אַהיים?

—עס איז אמת, אַז דו ביסט נישט קיין קליין קינד, מאָסיע — האָט אים געענטפערט דער דינער, — אָבער איך מוז טאָן דאָס, וואָס מיינע הערן, דער מאַרקיז און זיין ווייב, האָבן מיר אָנגעזאָגט. איך דאַרף דיך היטן, ביז זיי וועלן אַהיימקומען...

האָט מאָרים גאַסטאָן פאַרשטאַנען, אַז זיינע עלטערן היטן אים, אַז ער זאָל נישט קומען אין באַריר מיטן זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט. און זיין נייגיר צו דעם יידישן זייגערמאַכער האָט זיך צוליב דעם נאָך מער צעפלאַקערט ביי אים אין האַרצן...

„דורך דעם זייגערמאַכער וועל איך זיך דערוויסן, אין וואָס עס באַשטייט זייער סוד" — פלעגט ער אָפט דענקען — „אָבער ווען און ווי אַזוי? עס גייען פאַרביי טעג און וואָכן, און איך קען נאָך אַלץ אים נישט ווייזן דעם זייגער! און ווער ווייסט, ביז וואַנען עס וועט געדויערן, וואָס איך וועל נאָך אַלץ נישט האָבן קיין געלעגנהייט דאָס צו טאָן?"

דערווייל האָט פּאַסירט אַ זאַך, צוליב וועלכער מאָרים גאַסטאָן האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אָן דעם זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט, אָן זיין ביטע צו ווייזן אים דעם גרויסן זייגער און אָן זיין צוזאָג צו טאָן דאָס ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט, איז געווען אַזאַ איבעראַשונג פאַר מאָרים גאַסטאָנען, אַז ער איז אינגאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן אויף אַ שטיקל צייט מיט אַנדערע אינטערעסן. און אָט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דעם דרייצן און אַ האַלב-יאָריקן מאָרים גאַסטאָן:

איין מאָל האָט זיין חבר פון דעם גראַדואיר-קלאַס פון ליציי, וועלכער איז געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער פון אים, אים געזאָגט אַזוי:

— מיין שוועסטער ווערט אין עטלעכע וואָכן אַרום זעכצן

יאָר אַלט. מען גרייט זיך ביי אונדז אין הויז צו אַ גרויסער פייערונג. עס וועלן שפּילן צוויי אָרקעסטערס און מען וועט טאַנצן ביז פּאַרטאָג. מיין שוועסטער לאַדט איין בחורים נאָר פון זיבעצן יאָר. האָב איך געזאָגט מיין שוועסטער, אַז דו ביסט אויך 17 יאָר אַלט, און איך האָב איר געבעטן, אַז זי זאָל דיר איינלאַדן צו איר יום טוב. איך ווייס אַז דו, מאָרים גאַסטאָן, וועסט זיך אויפפירן אויף דער פייערונג ווי אַ דערוואַקסענער מענטש, ווי דו פירסט זיך אויף ביי אונדז אין גראַדואיר־קלאַס.

ווען מאָרים גאַסטאָן איז געקומען אַהיים, איז ער געווען זייער אויפגערעגט פון גליק. און בעת ער האָט דערציילט זיין מוטער, האָבן זיי זיך געקושט איינער דעם אַנדערן און זיך געדרייט, ווי אין אַ וואַלס פון צימער צו צימער. נאָך דעם טאָג זיינען אַוועק עטלעכע וואָכן פון פיבערהאַפטע צוגרייטונגען צו דעם יום טוב פון זיין חברס שוועסטער. יעדן טאָג איז מען געקומען אָנמעסטן נייע קליידער און שיך, כדי מען זאָל זען וואָס עס פּאַסט בעסער פאַר דעם יונגן ליצייאיסט און וואָס וועט אים מאַכן עלטער אין די אויגן פון דער זעכצן־יעריקער פריילין און אין די אויגן פון אירע חברטע׳ס און געסט...

אָבער דאָס וויכטיקסטע איז געווען אויסצולערנען דעם יונגן יינגל צו טאַנצן אין אַ קורצער צייט אַזוי, אַז ער זאָל זיין איי־נער פון די בעסטע טענצערס אויף דעם יום טוב, פּונקט ווי ער איז געווען פון די בעסטע שילער אין קלאַס. נישט זיין דער סאַמע בעסטער האָט מאָרים גאַסטאָן נישט געוואָלט און בטבע נישט געקאָנט. דערפאַר טאַקע האָט ער פאַרלייגט דעם קאָפּ, אַז ער מוז באַזיגן מיט זיינע פיס אַלע פיגורן, וואָס עס האָט אים געלערנט אַ לערער פריוואַט אין זיין היים, יעדן טאָג.

נישט נאָר האָט מאָרים גאַסטאָן זיך געלערנט טאַנצן ביים ספּעציעלן טאַנץ־ לערער, נאָר ער פלעגט אויך פּראַקטיצירן נאָך דעם ווי דער לערער פלעגט פאַרלאָזן זיין הויז, טאַנצנ־דיק מיט זיין מוטער וואַלסן און פאָקסטראָטן, אונטער די קלאַנ־גען פון גראַמאָפאָן. אַזוי אַרום, אַז צווישן דער ליציי־אַרבעט און די קומענדיקע עקזאַמענס און די צוגרייטונגען צו דער פייערונג האָט מאָרים גאַסטאָן זיך נאָכאַמאָל אַזוי דערנענ־טערט צו זיינע עלטערן, אַז ער האָט פאַרגעסן אָן דעם סוד,

וואָס זיי באַהאַלטן אוים פון אים, אַ סוד, צוליב וועלכן ער איז געגאַנגען צום זייגערמאַכער קיין אַנדערלעכט...

די טאַנץ־פיגורן, די נייע קאָסטיומען, דאָס קוקן אין שפּיגל בדי אויסצוגעפינען אין וואָס פאַרא קאָסטיומען ער קען אויס־זען ווי אַן 18־יעריקער קאַוואַליער, דאָס אַלץ האָט אים אַזוי פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז ער האָט כמעט אויפגעהערט צו טראַכ־טן וועגן דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן דעם יידישן זייגער־מאַכער, אַז ער וועט אים רופן צו זיך, ווען קיינער פון זיינע עלטערן וועט נישט זיין אין דער היים.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון דער פייערונג. ווי אַ פרינץ האָט אויסגעזען מאָרים גאַסטאָן, ווען ער איז אַרונטער־געגאַנגען די שטיגן פון זיין פאָטערס פּאַלאַצל צו דער גאַס, ווו עס האָט געוואַרט אויף אים אַ קאַרעטע. פאָטער און מו־טער האָבן נישט געקענט אַרונטערנעמען קיין אויג פון אים און אים צוגעווונטשן, אַז זיין ערשטער אַרויסטריט אויף דעם יום טוב פון זיין חברס שוועסטער זאָל אים ברענגען גליק:

— דיין היינטיקע הצלחה וועט עפענען פאַר דיר, זון, די טירן פון אַלע הייזער פון אונדזער אַדל — האָט אים נאָכגע־זאָגט דער פאָטער, מאַרקיז דיובואַ — פאַר דער קאַריערע, וואָס איך פּלאַניר פאַר דיר, מיין זון, איז זייער וויכטיק, אַז דו זאָלסט איבערשטייגן אַלע בחורים אין טאַנצן, אין ריידן מיט די מיידלעך און אין שמייכלען צו אַלעמען.

מאָרים גאַסטאָן האָט געדענקט די ווערטער פון זיין פאָ־טער, פון זיין מוטער און פון זיין טאַנץ־לערער און ער האָט געהאַלטן אין איין שמייכלען פון דער מינוט, וואָס ער איז אַריינגעקומען אין גרויסן זאַל פון דער פייערונג.

מאָרים גאַסטאָן האָט אַזוי נושא חן געווען ביי אַלעמען אין די אויגן, אַז אפילו די מיידלעך, וועלכע האָבן געטאַנצט מיט אַנדערע בחורים, האָבן געדרייט זייערע קעפּ צו אים און אָנ־געקוקט פון דעם יונגן מאַרקיז דיובואַ.

עס האָט נישט ווייניק פאַרדראָסן די עלטערע בחורים, וואָס דער נייער שטערן ציט צו צו זיך אַלע מיידלעך פון דער שמחה, און זיי האָבן באַשלאָסן זיך אָפּצורעכענען מיט אים.

— ווער האָט עס אַזוי גוט צוגעקלעפּט צו דיין פּנים אַזאַ

## דער זייגער רופט...

שמייכעלע? — האָט געזאָגט איינער פון זיי צו מאָרים גאַסטאַנען, ווען ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט מיידלעך — דיין שמייכעלע איז אַזוי גוט צוגעקלעפּט צו דיין פּרצוף, אַז עס פאַלט גאָר קיינמאָל נישט אַרונטער פון דאָרט.

מאָרים גאַסטאָן האָט זיך פאַרלוירן אויף אַ מינוט. יענער האָט פאַרגעזעצט:

— זאָל עס זיין, אַז דיין טאַנץ־לערער האָט דיר אַזוי גוט אויסגעלערנט צו שמייכלען, אָדער אפשר דיין ניאַניע?

— מיין ניאַניע? ניין! זי האָט מיך שוין פאַרלאָזן זינט אַ לענגערער צייט. און דו? דו האָסט נאָך אַ ניאַניע? — האָט מאָרים גאַסטאָן אים געפרעגט אומישנע מיט אַ הויכער שטימע.

— איך דאַרף שוין מער נישט האָבן קיין ניאַניע — האָט דער בחור געענטפערט נישט קאָנענדיק באַהאַלטן זיין כעס אויפן יינגל, וואָס הערט נישט אויף צו שמייכלען.

— דו גלייבסט טאַקע, אַז דו נייטיקסט זיך שוין נישט מער אין אַ ניאַניע? ביסטו זיכער, אַז דו קענסט שוין אַליין זיך אָפּווישן די נאָז? — האָט געלאַכט אויפן קול מאָרים גאַסטאָן צוזאַמען מיט די אַרום שטייענדיקע געסט.

דעם בחורס כעס איז נאָך מער געשטיגן, ווען ער האָט נעזע, ווי די, וואָס האָבן געהערט מאָרים גאַסטאָנס רייד, האָבן זיך צעלאַכט מיט גרויס הנאה אויפן קול.

— און דו קענסט זיך שוין אָפּווישן דיין נאָז, דו פאַלשער מאַרקיז! — האָט ער אויסגעשריען.

— פאַלשער מאַרקיז!? — האָט אויסגעשרייען מאָרים גאַס־טאָן, אָנכאַפּנדיק אים ביי די הענט און קוקנדיק אים אין פּנים אַריין מיט פאַרגאָסענע אויגן.

— וואָס דען מיינסטו, אפשר נישט קיין פאַלשער מאַרקיז?! יעדער איינוווינער פון בריסעל ווייסט זייער גוט, אַז מאַדאַם דיובוא האָט קיינמאָל נישט געבוירן קיין קינד... עס איז פאַר קיינעם נישט קיין נייעס, אַז די אַמאָליקע שיינהייט דיובוא האָט זיך איינגעהאַנדלט אַ זון...

מאָרים גאַסטאָנס קולאַקעס האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט. אין זיין מוח איז פאַרבייגעלאָפן אַ געדאַנק:

— אפשר איז דאָס טאַקע דער סוד, וואָס מיינע עלטערן באַ־

האַלטן אוים פון מיר? אפשר וועגן דעם האַלטן זיי זיך אין איין סודען און איבערווינקען?".

ער האָט זיך אויף שנעל אויסגעדרייט, זיך אָנגעבויגן אין אַלע זייטן צו די פאַרזאַמלטע און מיט אַ שנעלן טראָט האָט ער פאַרלאָזט דעם גרויסן זאַל פון דער שמחה.

---

מאַרים גאַסטאָן איז געווען אַזוי איבעראַשט מיט דעם וואָס דער בחור האָט אַנטפּלעקט פאַר אים, אַז ער האָט נישט געוואָלט אַפילו אויפזוכן זיין קאַרעטע, וואָס האָט געוואַרט אויף אים.

ער האָט געוואָלט זיין איינער אַליין, קיינער זאָל אים ניט שטערן אין זיינע געדאַנקען, און דעריבער האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהיים צופוס.

גייענדיק האָט ער געהאַלטן אין איין פליסטערן: „דו ביסט אַ פאַלשער מאַרקיז... דו ביסט אַ געקויפטער זון"...

אַ גרויסער כעס האָט אים באַהערשט: יאָ, ווען ער זאָל וויסן פאָרויס, אַז ער איז אַ געקויפטער זון, אַ פאַלשער מאַרקיז, אַן אַדאָפּטירטער פון מאַרקיז און מאַדאַם דיובואַ, וואָלט ער דען געגאַנגען צו דער טאַנץ-שמחה, ווו עס זיינען געווען איינגעלאַדן קינדער פון באַראָנען און מאַרקיזן? אין דער גרויסער באַליידיקונג, וואָס ער האָט געליטן, זיינען שולדיק זיינע עלטערן. נאָר זיינע עלטערן! ווען זיי וואָלטן פון אים נישט אויסבאַהאַלטן דעם סוד פון זיין אָפּשטאַם, וואָלט ער נישט געקומען צו דער דאָזיקער חרפה... צו דער דאָזיקער מפּלה!...

וואָס מער מאַרים גאַסטאָן האָט זיך דערנענטערט צו זיין הויז, אַלץ מער האָט געוואָקסן אין אים דער כעס אויף זיינע עלטערן און זיין חשק זיך אָפּצורעכענען מיט זיי. ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז אַריין, האָט ער זיי נישט געטראָפן. ער האָט פאַרשטאַנען פאַרוואָס. זיכער האָבן זיי זיך גערעכנט, אַז ער וועט קומען צוריק אַהיים זייער שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, און זיי זיינען דעריבער אַוועקגעגאַנגען פון דעם היים אויף אַ לאַנגער צייט.

זיין ווילן אָפּצוצאָלן זיינע עלטערן פאַר דעם, וואָס זיי

האָבן אים נישט געוואָרנט, אַז ער איז אַן אדאָפּטירטער זון, אָדער, ווי דער בחור האָט אים אָנגערופן, אַ „פאַלשער מאַר־קיז", האָט אַרויפגעבראַכט אויף זיין געדאַנק דעם זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט. איצט, ווען קיינער איז נישטאָ איז הויז, ווען די עלטערן האָבן נישט איבערגעלאָזט אין שטוב אפילו קיין איין באַדינער אים צו היטן, וועט ער קענען האַלטן וואָרט און ווייזן דעם זייגערמאַכער דעם זייגער פון עס־צימער, וועלכן ער האָט שוין לאַנג געוואָלט זען.

מאָרים גאַסטאָן האָט נישט אָנגעצונדן קיין ליכט אין שטוב, כדי די דינערשאַפט זאָל פון אירע וווינונגען נישט באַמערקן, אַז ער איז שוין דאָ צוריק פון באַל. אין דער פינצטער האָט ער אויפגעהויבן דאָס טעלעפאָן־טרייבל און אָנגעקלונגען צום זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט:

— איצט איז קיינער נישטאָ ביי אונדז אין דער היים, מאָסיע. אויב איר קענט קומען באַלד, וועל איך אייך קענען ווייזן דעם זייגער, וועלכן איך האָב אייך צוגעזאָגט צו ווייזן שוין זינט אַ לענגערער צייט. ביז איצט האָב איך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט דאָס צו טאָן. אויך איצט בין איך נישט זיכער, צי איר וועט באַווייזן דאָס צו זען, איידער מיינע עלטערן וועלן זיך אומקערן צוריק אַהיים. אויב איר וועט מיר זען שטיין אויבן, אויף די טרעפּ פון מיין הויז, זאָלט איר אַרויפקומען. אויב נישט — פאָרט צוריק. מיר וועלן עס מוזן אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט איז אַרויסגעגאַנגען פון אַ טאַקסי, וואָס האָט אים געבראַכט צום פּאַלאַצל פון מאַרקיז דיובואַ. ער איז באַלד אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ פון הויז, ווייל ער האָט געזען, אַז מאָרים גאַסטאָן שטייט אויבן. ביידע זיינען אַריינגעגאַנגען אין הויז אַריין, נישט אָנציגדנדיק קיין ליכט.

אין דער פינצטער האָט מאָרים גאַסטאָן אַריינגעפירט דעם זייגערמאַכער אין עס־צימער, און ווען זיי זיינען שוין געשטאַנען פאַרן הויכן זייגער, האָט ער אָנגעצונדן אַ קליין עלעקטריש לעמפּל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, און האָט מיט דעם באַלויכטן. ער האָט געפירט מיט דעם לעמפּל אַ שטראָם ליכט

פון אויבן ביז אונטן איבער דעם גרויסן זייגער. ווען ער האָט געוואָלט נאָכאַמאָל צוריקפירן דעם שטראָם ליכט פון אונטן אַרויף, האָט דער זייגערמאַכער געזאָגט צו אים:

— עס איז נישט נייטיק מער, מאָרים גאַסטאָן. דאָס איז דער זייגער!

— פונוואַנען ווייסט איר, מאָסיע? — האָט דאָס יינגל גע־פרעגט אַ דערשראָקענער און מיט אַ ציטערנדיקער שטימע.

— איך קען אים גוט, מאָרים גאַסטאָן, ווי איינער קען זיי־נע אייגענע צען פינגער. אויב דו גלייבסט מיר נישט, וועל איך דיר געבן אַ סימן. שטעל זיך אויף אַ שטול און עפן דאָס קליי־נע גלעזערנע טירל פון דעם אייבערשטן פענצטערל.

מאָרים גאַסטאָן האָט געטאָן ווי דער זייגערמאַכער האָט אים געהייסן. נאָכאַמאָל האָט דאָס יינגל דערזען אין גלאָז פון פענצטערל אַ שאָטן. דער שאָטן איז געווען אַזוי ענלעך צום זייגערמאַכער, אַז מאָרים גאַסטאָן האָט אַ ציטער געטאָן.

— שרעק זיך נישט! — האָט געזאָגט דער זייגערמאַכער באַמערקנדיק, אַז מאָרים גאַסטאָן האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן — עפן דאָס טירעלע און טאַפּ אָן מיט דיין האַנט דאָס האָלץ פון אינעווייניק. פילסטו דאָרט אויסגעקריצטע פיגורן? דאָס זיי־נען העברעישע אותיות, און ווען דו וואָלסט זיי געקענט אי־בערלייענען פון רעכטס אויף לינקס, וואָלסטו איבערגעלייענט מיין זיידנס נאָמען „משה פולני״. מיין זיידן האָט מען גערופן „פולני״, ווייל ער האָט געשטאַמט פון פוילן. דער זייגער איז איבערגעגאַנגען בירושה פון מיין זיידן צו מיין פאָטער און פון מיין פאָטער צו מיין ברודער, ווייל ער איז געווען דער בכור. אַזוי האָט אָנגעזאָגט מיין זיידע, אַז דער זייגער זאָל איבער־גיין פון טאַטן צום זון, צום בכור.

אַ דערשטוינטער איז געשטאַנען מאָרים גאַסטאָן אויפן שטול און זיך צוגעהערט צו די רייד פון דעם יידישן זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט. זיין שטיל פליסטערן האָט מאָדנע געקלונגען אין זיינע אויערן איצט, נאָך דער פריילעכער טאַנץ־מוזיק פון דעם גרויסן סאַלאָן, פון וועלכן ער האָט זיך נאָר וואָס אומגעקערט אַהיים.

דער פאַקט, וואָס אַ יידישער זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט,

## דער זייגער רופט...

ווהין זיינע עלטערן האָבן נישט געוואָלט, אַז ער זאָל דאָרט גיין, האָט געפונען גראָד ביי זיי אין הויז זיין ברודערס זייגער, איז געווען אַזוי פאַנטאַסטיש און אומגלויבלעך, אַז עס האָט זיך דעם יינגל אויסגעדוכט, אַז עס איז אַ חלום...

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ סקריפּ פון דער וויטנס, פון איינער פון די אונטערשטע טירן. דער סקריפּ האָט מאָרים גאַסטאָנען צוריקגעבראַכט צו דערווירקלעכקייט. ער איז מאָמענטאַל אַרונטערגעשפּרונגען פון שטול, אָנגעכאַפּט דעם זייגערמאַכער ביי דער האַנט און אים דורכגעפירט אויף שנעל דורך די צימערן צווישן עסצימער און קאָרידאָר. ער האָט געעפנט די פאָדערשטע טיר און אים כמעט ווי אַרויסגעשטופּט אין דרויסן. ווען דער זייגערמאַכער איז שוין אַרונטערגעגאַנגען פון די טרעפּ, האָט מאָרים גאַסטאָן צוגעמאַכט די פאַראַדנע טיר הינטער זיך און ער איז אַרויסגעלאָפן צו אים:

— איך וועל אייך אַביסל באַגלייטן אַהיים, מאָסיע — האָט מאָרים גאַסטאָן געזאָגט צו אים — אָבער דערציילט מיר די גאַנצע געשיכטע וועגן דעם זייגער...

— דו ביסט אַ קלוג יינגל, מאָרים גאַסטאָן — האָט דער זייגערמאַכער געשמייכלט — דו האָסט זיך אָנגעשטויסן, אַז דער זייגער האָט אַ געשיכטע. יאָ, עס איז ריכטיק. ער האָט זייער אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. טאָ הער זיך צו: מיין זיידע, משה פּולני, איז געווען איינער פון די גאָר באַוווסטע זייגערמאַכערס אין גאַנץ פּוילן. ער פלעגט מאַכן זייגערס פאַר די רייכסטע פּריצים, פאַר די גרויסע פירשטן פון רוסלאַנד און פון אַנדערע שכנישע לענדער. איינמאָל האָט ביי אים באַשטעלט אַ גרויסן זייגער איינער פון די גאָר רייכע פּוילישע פּריצים. ווען דער זייגער איז שוין געווען כמעט אינגאַנצן פאַרטיק, האָט מיין זיידע זיך דערוווסט, אַז דער פּריץ האָט זייער שלעכט באַהאַנדלט אייגענע פון די יידן, וואָס האָבן געוווינט אויף זיין ערד. אין יענע צייטן האָבן זיך די פּריצים אויפגעפירט מיט זייערע יידן ווי מיט שקלאַפן. זיי האָבן פון די יידן געריסן הויכע שטייערן, אָבער דאָס ערגסטע פאַר די יידן איז געווען, ווען דעם פּריץ פלעגט זיך פאַרוועלן, אַז דער ייד זאָל אים פריילעך מאַכן. דאָס פלעגט טרעפן, ווען דער פּריץ פלעגט

האָבן ביי זיך געסט. דאַן פלעגט ער הייסן ברענגען זיין יידן, דער ייד פלעגט דאַרפן זיך אָנטאָן אין אַ פעל פון אַ בער און טאַנצן פאַרן פריץ, בעת די מוזיק פלעגט גרימפלען, דעם „מה יפית"-טאַנץ.

דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט יענעם ייד. מען האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון זיין הויז אין מיטן דאַווענען און מען האָט אים אָנגעטאָן אַ פעל פון אַ בער און געהייסן טאַנצן פאַרן פריץ און פאַר זיינע געסט, אַזעלכע שיכורים, פּריצים, ווי ער. דער ייד האָט געטאַנצט מיט זיינע לעצטע כוחות, אָבער דעם פריץ האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער ייד אַמוזירט נישט גענוג זיינע געסט און אַז ער טאַנצט נישט מיט גענוג ברען. האָט ער גע־הייסן זיינע משרתים אַרויסוואַרפן דעם "זשיד" און אים באַ־שטראָפן. און וואָס איז באַשטאַנען די שטראָף? מען האָט דעם יידן אָפּגעגאָלט אַ האַלבע באָרד און איין פּאה. דאָס איז גע־ווען די גרעסטע בושה פאַר יידן אין יענע צייטן... דער ייד איז פון ווייטאָג קראַנק געוואָרן. ווען ער איז געזונט געוואָרן, האָט ער זיך געשעמט צו ווייזן צווישן מענטשן, ביז וואַנען עס האָט אים צוריק אָנגעוואָקסן די באָרד און די פּאה.

— ווען די דאָזיקע געשיכטע איז דערגאַנגען צו מיין זיידן — האָט דער זייגערמאַכער ווייטער פאַרגעזעצט — האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט נעמען נקמה אין דעם פּריץ פאַר זיין באַליידיקן דעם יידן. ער האָט באַשלאָסן נישט צו פאַרקויפן דעם פּריץ דעם זייגער, אויב אפילו ער וועט וועלן געבן פאַר אים אַ מיליאָן. מיין זיידע האָט יעדן טאָג געהייסן דעם פּריץ קומען מאָרגן און מאָרגן. דער פּריץ פלעגט קומען יעדן טאָג צו מיין זיידן זען, צי דער זייגער איז שוין פאַרטיק. אָבער מיין זיידע האָט אָפּגעלייגט פון איין טאָג אויפן אַנדערן. אַ לענ־גערע צייט האָט מיין זיידע געפירט אַזוי דעם פּריץ פאַרן נאָז און אָפּגעלייגט פון איין טאָג אויפן צווייטן דאָס פאַרטיק מאַכן דעם זייגער. ענדלעך האָט דער זיידע באַשטימט פאַרן פּריץ אַ טאָג, אין וועלכן ער וועט זיכער באַקומען פון אים דעם פאַר־טיקן וואונדער-זייגער. ווען דער פּריץ איז צוגעקומען אין דעם באַשטימטן טאָג צו דעם זיידנס הויז, מיט זיינע באַדינערס און מיט אַ גרויסן וואָגן, גרייט אָפּצונעמען דאָס קונסטווערק, וואָס

## דער זייגער רופט...

ער האָט באַשטעלט, האָט ער געטראָפן אַ ליידיק הויז און אַ פּוסטן ווערקשטאַט. פון די שכנים האָט ער זיך דערוווּסט, אַז משה פּולני האָט פאַרלאָזט וואַרשע... ווען מיין זיידע איז אָנ־געקומען קיין בעלגיע, האָט ער געגעבן אַ נדר, אַז ער וועט דעם קונסט-זייגער קיינמאָל נישט פאַרקויפן, אַז דער זייגער וועט בלייבן אַלס אָנדענק פון יציאת פּוילן אין זיין משפּחה, און ער האָט אָנגעזאָגט זיינע קינדער, אַז דער זייגער זאָל אַריבערגיין פון דור צו דור, פון פאָטער צו זיין עלטסטן זון, צו זיין בכור... ווען מיין פאָטער איז געשטאָרבן, איז דער זייגער אַריבערגע־גאַנגען בירושה צו מיין עלטערן ברודער, ווייל ער איז געווען דער בכור אין דער משפּחה. אָבער מיין ברודער האָט אַכצן יאָר נאָך זיין חתונה נישט געהאַט קיין קינד. האָט ער מיר גע־זאָגט, אַז נאָך זיין טויט וועט דער זייגער אַריבערגיין צו מיין עלטערן זון, אבי עס זאָל פאַרבלייבן אין דער משפּחה, ביי די מוריסעס. איך האָב געבעטן גאָט פאַר מיין ברודער, אַז עס זאָל ביי אים געבוירן ווערן אַ קינד, אַז מיין ברודער זאָל קע־נען מקיים זיין דעם אָנזאָג פון זיין פאָטער און פון אונדזער זיידן משה פּולני...

איך ווייס נישט, וועמענס תּפילה איז געהערט געוואָרן אין די הימלען, אָבער אַ נס איז געשען און נאָך 18 יאָר פאַרהיי־ראַטן לעבן האָט מיין ברודערס פרוי געבוירן אַ יינגעלע. קאָנס־טו זיך שוין פאָרשטעלן, מאָריס גאַסטאָן, ווי גרויס עס איז געווען אונדזער אַלעמענס פרייד. אָבער לאַנג האָט אונדזער שמחה נישט געדויערט. עס האָט אָנגעהויבן צו בושעווען דער נאַצי, און די געפאַר האָט זיך דערנענטערט צו אונדז פון טאָג צו טאָג. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז שלעכטע שכנים וועלן אונדז פאַרמסרן פאַרן דייטש, אַז די מוריסעס זיינען יידן, און אַז די בעסטע זאַך פאַר אונדז איז צו אַנטלויפן פון אַנטווערפּן, ווו מיר האָבן געהאַט די גרעסטע זייגער-געשעפטן. אָבער ווי אַזוי אַנטלויפט מען מיט אַ פּיצל קינד, וואָס איז בלויז 6 מאָנאַטן אַלט? וואָס וועט זיין מיטן קינד אין וועג, אָן עסן און אָן טרינקען? האָב איך אַליין געראַטן מיין ברודער, אַז ער זאָל אָפּגעבן זיין קינד צו די מאָנאַשקעס אין אַ מאָנאַסטיר. די מאָנאַשקעס, האָב איך

געזאָגט, וועלן רחמנות האָבן אויף אַ קליין נפשל. זיי וועלן עס אָפּהיטן, אויסהאָדעווען, און ווען דער קריג וועט זיך ענדיקן און מיר וועלן קענען זיך צוריקקערן פון אונדזערע באַהעלטעניש, וועלן זיי אונדז זיכער צוריקגעבן אונדזער קינד...

מיין ברודער האָט געפאָלגט מיין עצה, כאָטש איך בין געווען ייִנגער פון אים. מיר האָבן איבערגעלאָזט דאָס קינד אין אַ מאָנאַסטיר און אַליין זיינען מיר אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט אונדזער גאַנצן פאַרמעגן. און, פאַרשטייט זיך, דעם זייגער אויך...

אונדזער פאַרמעגן איז צעראַבירט געוואָרן דורך די דייטשן, אָדער דורך די שלעכטע שכנים, וואָס האָבן אונדז פאַרמסרט פאַר די נאַצים. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פון מיין ברודערס הויז דעם זייגער. אָבער אַזוי ווי דער זייגער איז אַן אויסערגעוויינלעכער און האָט נישט זיין גלייכן איבער דער וועלט און אין אַנטווערפּען, האָבן די שכנים מורא געהאַט, אַז נאָכן קריג וועט זיך לייכט אַרויסווייזן, אַז זיי האָבן אים צעראַבירט. האָבן זיי, ווייזט אויס, געוואָלט פאַרקויפן אים. אָבער ווער וועט עס קויפן אַזאַ אַנטיק, ווען וועלכן עס האָבן געוווסט אַזוי פיל מענטשן אין אַנטווערפּן? האָבן גענומען די שכנים און פאַרזעצט דעם זייגער אין לאָמבאַרד, אַבי פּטור צו ווערן פון אים. און דיינע עלטערן, מאָרים גאַסטאָן, האָבן אים אָפּגעקויפט אין לאָמבאַרד, נישט וויסנדיק, אַז ער איז אַרויסגעגנבעט געוואָרן פון מיין ברודערס הויז... דאָס איז די געשיכטע פון דעם זייגער.

אַ פאַרגאַפּטער איז געשטאַנען דאָס ייִנגל פאַרן זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט. עס האָט זיך אים געוואָלט הערן נאָך און נאָך וועגן דעם וווּנדערלעכן זייגער. אָבער די געשיכטע איז געווען פאַרענדיקט, און דער זייגערמאַכער האָט צו אים אויסגעשטרעקט זיין האַנט:

— אַ רעוואַר, מאָרים גאַסטאָן, אויף ווידערזען.

— שוין, אַזוי שנעל?

— דאָ איז מיין היים, מאָרים גאַסטאָן.

—אָבער וואָס איז געוואָרן מיטן קינד, וואָס איר האָט אריינגעגעבן אין מאָנאַסטיר, מאָסיע?

## דער זייגער רופט...

— וועגן דעם וועל איך דיר דערציילן אַן אַנדערש מאָל. עס איז שוין שפּעט פֿאַר מיר און אויך שפּעט פֿאַר דיר, מאָ־ריס גאַסטאָן. דו דאַרפֿסט דאָך מאָרגן אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי. אַ רעוווּאַר!

— ביז מאָרגן, מאַסיע! — האָט אויסגערופֿן דאָס יינגל. און נאָכדעם ווי דער זייגערמאַכער איז אַנטרונען געוואָרן אין זיין טויער, איז ער נאָך געשטאַנען אַ לענגערע צייט אויף דער גאַס און געפּליסטערט „ביז מאָרגן, ביז מאָרגן".

די געשיכטע פֿון דעם זייגער האָט אַזוי פֿאַרכאַפּט דאָס יינגל, אַז ער האָט נישט באַמערקט, ווי אַזוי ער האָט צופֿוס דורכגעמאַכט די גאַנצע שטרעקע פֿון אַנדערלעכט ביזן פּאַלאַצל פֿון מאַרקיז דיובואַ. אין משך פֿון גאַנצן וועג האָט ער גע־טראַכט נאָר וועגן זייגערמאַכער, וועגן זיין זיידן און וועגן דער וווּנדערלעכער געשיכטע פֿון דעם זייגער, וואָס שטייט אין עס־צימער ביי זיינע עלטערן אין הויז... ווען ער איז אַרויפֿגעגאַנ־גען די שטיגן און האָט מיט זיין שליסל געעפֿנט די פּאַראַדנע טיר, האָט ער זיך נאָכאַמאָל דערמאָנט אָן די אַלע פּאַסירונ־גען, וואָס האָבן געטראָפֿן מיט אים אין דעם אָוונט.

די מוזיק פֿון דעם גרויסן באַל האָט נאָכאַמאָל אָנגעהייבן זשומען אין זיינע אויערן. ער האָט זיך נאָכאַמאָל דערזען דריי־ען אין וואַלסן און אין פּאָקסטראָטן מיט די שיינע און אויס־געפּוצטע מיידלעך, ווי אַ דערוואַקסענער בחור... אָבער פּלוצ־לונג האָט פֿון די קלאַנגען פֿון מוזיק אַריינגעגרילצט אין זיי־נע אויערן אַריין: „דו ביסט אַ פֿאַלשער מאַרקיז"! און אַ שרעק־לעך געפֿיל פֿון בושה, דערנידערונג און מפּלה האָט אים אַרומגענומען. דאָס געפֿיל איז נאָך פֿיל טיפֿער געוואָרן, ווען ער איז אַריינגעקומען אין קאָרידאָר, וווּ ער האָט זיך דערזען אין די שפּיגל־ווענט אין זיין סמאָקינג און עלעגאַנטע שיך.

זיין ערשט געפֿיל איז געווען אַרונטערצורייסן פֿון זיך די נייע קליידער, זיי אַריינטראָגן צו זיינע עלטערן אין זייער צי־מער, זיי אַ וואָרף טאָן און אויסשרייען:

„עס איז אייער שולד, וואָס דער „פֿאַלשער מאַרקיז" האָט געכאַפּט אַזאַ מפּלה היינט ביינאַכט! פֿאַרוואָס האָט איר מיר נישט געוואָרנט, פֿאַרוואָס?!"

אָבער זיינע עלטערן זיינען נאָך נישט געווען אין דער היים. מאַרים גאַסטאָן האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן אויף מאָרגן דעם געשפּרעך מיט זיינע עלטערן. ער האָט זיי נישט נאָר געוואָלט באַשולדיקן. ער האָט ביי זיי אויך געוואָלט פאָדערן, אַז זיי זאָלן אים דערציילן דעם גאַנצן אמת, ווער עס זיינען זיינע עלטערן. די פראַגע וועגן זיינע אמתע עלטערן האָט אים נישט געלאָזט רוען.

אפשר, ווער ווייסט? מעגלעך, אַז זיינע עלטערן זיינען געווען נידעריקע מענטשן, שיכורניקעס, אָדער גאָר גנבים? פאַרקויפן דען אָנשטענדיקע מענטשן זייערס אַ קינד, אַפילו ווען זיי האָבן נישט וואָס צו עסן? האָט דען דער בחור, וואָס האָט אים פאַרשעמט אויף דער שמחה, נישט געזאָגט, אַז גאַנץ ברייסעל ווייסט, אַז די שיינהייט, מאַדאַם דיובואַ, האָט פאַר זיך געקויפט אַ זון? עס איז זיכער, אַז אָנשטענדיקע עלטערן פאַרקויפן נישט זייער זון! אפילו ווען זיי האָבן נישט מיט וואָס אים צו האָדעווען...

אויב זיינע אמתע עלטערן זיינען טאַקע געווען מענטשן, וואָס פאַרקויפן זייער אייגן קינד צוליב געלט — טאָ פאַרוואָס עפּעס זאָל ער וועלן צוריקגיין צו זיי?

אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָט ער דערהערט, אַז זיינע עלטערן האָבן זיך צוריקגעקערט אַהיים דורך דער פּאַראַדנער טיר. מאָרים גאַסטאָן האָט זיך אויף שנעל אויסגעטאָן און אַריינגעלייגט אין בעט אַריין. ווען די עלטערן זיינען אַריין, ווי עס איז געווען זייער שטייגער, אין זיין צימער זען, צי ער שלאָפט, האָט ער ספּעציעל זיך געמאַכט שלאָפנדיק.

ווי עס איז געווען איר שטייגער, האָט מאַדאַם דיובואַ אים עטלעכע מאָל אַ קוש געגעבן אין פּנים. דערנאָך האָט דאָס געטאָן דער מאַרקיז אַליין. שפּעטער זיינען זיי ביידע אַרויסגעגאַנגען פון צימער אויף די שפּיץ פינגער, פליסטערנדיק עפּעס וועגן אים, וואָס מאַרים גאַסטאָן האָט ניט געקענט הערן.

„איך בין נישט זייער אמתער זון, און דאָך האָבן זיי מיך אַזוי ליב״ — האָט ער אַ קלער געטאָן. עס טרעפט, ווייזט אויס, אַז עלטערן האָבן ליב זייערע אַדאָפּטירטע קינדער, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען זייערע אייגענע... אויב אַזוי, טרעפט זיך דאָך

אויך, אַז אַדאָפּטירטע קינדער זאָלן ליב האָבן זייערע עלטערן, נאָך מער ווי אייגענע".

איין זאַך איז געווען קלאָר פאַר מאָרים גאַסטאָנען: אויב זיינע אמתע טאַטע-מאַמע האָבן זיך געיאָגט נאָך דעם געלט און דעריבער האָבן זיי אים פאַרקויפט, וועט ער בשום אופן צו זיי נישט צוריקגיין, אויב אפילו זיי וועלן דאָס פאָדערן פון אים. ער וועט די איצטיקע עלטערן זיינע, וועלכע האָבן אים אַזוי ליב, בשום אופן נישט פאַרבייטן אויף אַנדערע, אויב אפילו די אַנדערע וועלן אים איבערצייגן, אַז ער איז זייער בלוט און פלייש. קיינער קען אים נישט צווינגען צו טאָן דאָס, וואָס איז קעגן זיין ווילן.

מאָרים גאַסטאָן האָט געהאַלטן מלחמה מיט זיינע געפילן אַ גאַנצע נאַכט, אפילו אין שלאָף. דערפאַר איז ער געווען זייער בלייך, ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף צומאָרגנס אינ-דערפרי. זיין פנים האָט אויסגעזען מיד און אויסגעצערט.

---

דאָסמאָל האָט דער מאַרקיז דיובואַ און זיין פרוי זיך ניט געזאָרגט, ווען זיי האָבן געזען מאָרים גאַסטאָנס אויסגעמאַטערט פנים. זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז אַזוי מיד פון דעם נעכטיקן טאַנץ און פון דער אויפרעגונג פון זיין שפּעטן צו-ריקקער אַהיים. דעריבער האָבן זיי נאָר געשמייכלט צו אים:

— אונדזער זונעניו איז אַזוי מיד, אַז ער וויל אפילו נישט נישט דערציילן, מיט וויפל שיינע מיידלעך ער האָט געטאַנצט נעכטן — האָט געשפּאַסט דער מאַרקיז.

— לאָז אים צורו — האָט געבעטן מאַדאַם דיובואַ — זעסטו דען נישט, אַז דאָס קינד איז אַזוי מיד, אַז ער האַלט קוים אָפן זיינע אויגן... ווען נישט די נאָענטע עקזאַמענס, וואָלט איך אים נישט געלאָזט היינט גיין אין ליציי.

— גוט, איך וועל אים איצט אָפּלאָזן — האָט דער מאַר-קיז געזאָגט — אָבער געדענק, קינד מיינס, אַז אין אָוונט וועסטו מיר מוזן אַלץ דערציילן, פון אַלף ביז תיו. אַלץ, אַלץ! וועגן דיין גרויסן דערפאָלג...

אין צווישן האָט מען מאַדאַם דיובואַ גערופן צום טעלע-פאָן, און דער מאַרקיז האָט גערעדט צו מאָרים גאַסטאָנען אַזוי:

— איך בין זיכער, זון, אַז דו האָסט געהאַט גרויס דערפאָלג. איך בין אויך איבערצייגט, אַז פון היינט אָן וועסטו זייער אָפט באַקומען איינלאַדונגען צו אַזעלכע טאַנץ־אָוונטן.

— איך וועל שוין מער אַזעלכע איינלאַדונגען נישט באַקומען, פּאַפּאַ — האָט מאָרים גאַסטאָן טרויעריק געשמייכלט.

— פאַרוואָס? — האָט געלאַכט דער מאַרקיז — גרייטסטו זיך אַריינצוגיין אין אַ מאָנאַסטיר, קינד? געפעלן דיר ניט אַזעלכע טאַנץ־בעלער, אָדער די אַדל־לייט פון בריסעל געפעלן דיר נישט?

— איך געפעל זיי נישט, פּאַפּאַ!

— דו געפעלסט זיי נישט? דו, דער שענסטער פון אַלע גראַדואיר־בחורים פון ליציי?

— איך געפעל זיי נישט, פּאַפּאַ, ווייל איך בין אַ „פאַלשער מאַרקיז" . . .

— און ווער האָט עס דיר געוואַגט אַזוי צו באַליידיקן? ווער האָט עס דיר געזאָגט, דיר, דעם זון פון מאַרקיז דיובואַ?

— אָבער איך בין דאָך נישט דער זון פון מאַרקיז דיובואַ, פּאַפּאַ! איר האָט דאָך מיר אַדאָפּטירט, געקויפט!

אין דעם מאָמענט האָט זיך אומגעקערט פון איר טעלעפאָן־געשפּרעך די מאַדאַם דיובואַ. איר פּנים איז געווען ווייס ווי קאַלך.

— צוליב וואָס איז פאָרגעקומען דער שטרייט צווישן דיר און דעם בחור נעכטן ביינאַכט, קינד מיינס? — האָט זי געפרעגט מיט אַ וויינענדיקער שטימע. — ער וועט באַקומען זיין שטראָף פאַר דער באַליידיקונג, זון מיינער. ער וועט שוין טייער באַצאָלן דערפאַר, וואָס ער האָט דיך אַזוי דערנידעריקט פאַר לייטן אין די אויגן.

— ער האָט מיך נישט באַליידיקט, מאַמאַ! — ער האָט מיר נאָר געזאָגט דאָס, וואָס איר האָט געוואָלט באַהאַלטן פון מיר. פאַרוואָס האָט איר דאָס געטאָן? צוליב וואָס? וואָלט איך דען געגאַנגען צו דעם באַל פון די אַדל־לייט, ווען איך וואָלט געוווסט, אַז איך בין נישט קיין זון פון אַ מאַרקיז?!

— אָבער דו ביסט דאָך יאָ אונדזער זון, קינד! דו טראָגסט

## דער זייגער רופט...

דאָך אונדזער נאָמען! דו ביסט אַ מאַרקיז און דו וועסט נאָך גיין צו אַלע בעלער פון די אדל-לייט פון בריסעל!

— ניין, איך וועל מער נישט קומען צווישן די אדל-לייט! איך וועל נישט דערלאָזן, אַז איינער פון זיי זאָל מיר נאָכאַמאָל באַליידיקן! אָבער לאָמיר מער נישט ריידן וועגן דעם. וואָס גייען מיר אָן די זין פון די מאַרקיזן און די קינדער פון די באַראָנען? מיר גייט אָן גאָר שטאַרק אָן אַנדער זאַך: דער סוד, וואָס איר האָט באַהאַלטן פון מיר די גאַנצע צייט. איין העלפט פון דעם סוד האָט שוין יענער בחור אַנטפּלעקט פאַר מיר. דערציילט מיר דעריבער די צווייטע העלפט. ווער זיינען מיינע אמתע עלטערן? ווער? ווער?!

אַ שטיקל צייט זיינען געזעסן אַלע דריי, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, יעדער איינער מיט זיין פּנים אַריינגעטאָן אין זיינע הענט, גלייך ווי איינער וואָלט מורא געהאַט צו קוקן אין די אויגן פון אַ צווייטן.

מאַרים גאַסטאַנען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די עלטערן האָבן מורא צו קוקן אויף אים, ווייל דאָס, וואָס ער פאָדערט פון זיי, קענען זיי נישט נאָכקומען. דאָך האָט ער גענומען פאָדערן:

— איך בעט אייך, זאָגט מיר, ווער זיינען געווען מיינע אמתע עלטערן.

זעענדיק, אַז זיי ענטפערן אים נישט, האָט ער געזאָגט מיט מיטלייד:

— אויב עס איז אייך שווער צו זאָגן מיר איצט דעם ענטפער, וועל איך גיין אין ליציי. נאָכדעם ווי איך וועל צוריקקומען, וועט איר שוין קענען זיין גרייט מיטן ענטפער.

---

אָבער ווען מאַרים גאַסטאָן איז געקומען צוריק אַהיים פון ליציי, האָט ער קיינעם נישט געטראָפן אין דער היים.

עס זיינען אַוועק עטלעכע טעג. די מוטער פלעגט נישט זיין אין הויז, ווען ער פלעגט זיך צוריקקערן פון ליציי. בעת דער וועטשערע פלעגט שטענדיק זיצן ביים טיש אַ פרעמדער מענטש, און נאָך דער וועטשערע פלעגן זיינע עלטערן זיצן אין

סאַלאָן מיטן גאַסט, אָדער זיי פּלעגן מיט אים פאַרלאָזן דאָס הויז ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מאָרים גאַסטאָן האָט פאַרשטאַנען, אַז די עלטערן טוען דאָס אומישנע, כדי זיי זאָלן אים נישט דאַרפן געבן דעם ענט־פער, וואָס ער האָט פון זיי געפאָדערט.

„אָבער פאַרוואָס ווילן זיי אויסמיידן דעם ענטפער"? — האָט ער געטראַכט — „נישט אַנדערש, נאָר זיי ווילן מיר אפשר נישט פאַרשאַפן קיין וויטאָג. דערפאַר לייגן זיי אָפּ די פאַר מיר אומאָנגענעמע נייעס וועגן מיין אָפּשטאַם". דאָס ייִנגל האָט דערפון געוואָלט דרינגען, אַז זיינע עלטערן זיינען געווען מענטשן פון זייער אַ שלעכטן שניט . . .

דאָך האָט ער נישט געוואָלט ארומגיין אין דער פינצטער: „אויב מיינע עלטערן זיינען געווען גנבים אָדער רוצחים, וויל איך ויסן דעם אמת".

מיט דעם באַשלוס האָט זיך מאָרים גאַסטאָן איינמאָל אומ־געקערט צוריק פון שול. וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן אין דעם טאָג, מוז ער אַרויסקריגן ביי די עלטערן דעם געצויעם ענטפער.

ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז, האָט ער, ווי עס איז געווען דער שטייגער אין די לעצטע טעג, נישט געטראָפן די מוטער אין דער היים. ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו אַרונ־טערנעמען פון זיך זיין מאַנטל, ווי דער גרויסער זייגער אין עס־צימער האָט אָנגעהייבן צו קלינגען. דער זייגער האָט זיך צעקלונגען אָן אויפהער.

מאָרים גאַסטאָן איז צוגעגאַנגען צום זייגער. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז דער זייגער קלינגט, ווייל ער וויל עפּעס אָנ־זאָגן מיט זיין קלינגען. ער איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און אָנגעקלונגען צום זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט:

— מאָסיע, אונדזער זייגער האָט זיך ווידער צעקלונגען. איר מוזט קומען באַלד אים איינשטעלן — האָט ער געבעטן.

דער זייגערמאַכער האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן. ווע־ ער איז געקומען, האָט ער זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטול, געעפנט דאָס גלעזערנע טירל, אָנגערירט מיט דער האַנט די „נעסט", און דער זייגער איז גלייך געבליבן שטיל. ער האָט

## דער זייגער רופט...

נאָך נישט באַוויזן אַרונטערצוציִין פון שטול, ווי עס האָט זיך באַוויזן אין דער טיר די מאַדאַם דיובואַ.

— מאַמאַ — האָט געזאָגט מאַרים גאַסטאָן — איך שטעל דיר פאָר דעם זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט. נאָכאַמאָל האָט ויך אונדזער זייגער צעשפּילט אַזוי, אַז איך האָב נישט גע־קענט מאַכן מיין שול־אַרבעט. האָב איך אים אַרויסגערופן, אַז ער זאָל אים איינשטעלן.

— איר האָט אַ שליסל צום זייגער ? — האָט געפרעגט מאַדאַם דיובואַ .

— מאַמאַ, מאָסיע נייטיקט זיך נישט אין קיין שליסל. ער קען איינשטעלן דעם זייגער אָן אַ שליסל. ער קאָן דעם זייגער ווי זיינע אייגענע פינף פינגער ! . . .

— און מיר, מאָסיע, האָבן געגלייבט, אַז קיינער איז נישט באַקאַנט מיט זיין מעכאַניזם, ווייל דער זייגער האָט נישט זיין גלייכן איבער דער גאָרער וועלט. אַזוי האָט מען אונדז פאַרזיכערט, ווען מיר האָבן אים געקויפט.

— יאָ, דאָס איז אמת — האָט דער זייגערמאַכער געענטפערט — עס איז נישטאָ באמת נאָך אַזאַ זייגער אויף דער וועלט. אָבער איך, מאַדאַם, בין גוט באַקאַנט מיט זיין מעכאַניזם, ווייל דער זייגער איז געווען מיין ברודערס ! . . .

— מאָסיע ?!

— יאָ, מאַמאַ, — האָט געזאָגט מאַרים גאַסטאָן — ווייל דעם זייגער האָט געמאַכט מאָסיעס זיידע.

— מאָסיעס זיידע ?! — האָט אַרויסגעשיפּעט מאַדאַם דיובואַ — וואָס רעדסטו, מיין קינד?

— יאָ מאַדאַם, עס איז ריכטיק, וואָס אייער זון זאָגט אייך. דער זייגער איז איבערגעגאַנגען בירושה פון מיין זיידן צו מיין פאָטער און פון מיין פאָטער צו מיין עלטערן ברודער, וועל־כער האָט געוווינט אין אַנטווערפּן. ווען עס איז אַריינגעקומען דער נאַצי אין בעלגיע, האָבן שלעכטע שכנים מיט דער הילף פון דייטשן צעראַבירט מיין ברודערס שטוב און דעם זייגער האָבן זיי פאַרזעצט אין לאָמבאַרד, וווּ איר האָט אים געקויפט, מאַדאַם.

— מאָסיע ! — האָט אויסגערופן מאַדאַם דיובואַ מיט אַ

שרעקלעכן כעס אין איר שטימע און אויף איר פּנים.

אָבער דער זייגערמאַכער האָט זיך געמאַכט אַ קליינעם וועזן פון איר. ער האָט פאַרגעזעצט:

— אויב איר גלייבט מיר נישט, מאַדאַם, אַז דאָס איז מיין ברודערס זייגער, שטעלט זיך אויף אַ שטול, עפנט דאָס טירעלע פון דער אייבערשטער אָפּטיילונג פון זייגער און טאַפּט אָן דאָס ווענטל פון אינעווייניק. איר וועט דאָרט געפינען אויסגעקריצט דעם נאָמען פון מיין זיידן, פון דעם קינסטלער, וועלכער האָט געמאַכט דעם זייגער נאָך מיט יאָרן צוריק.

— יאָ, מאַמאַ, עס איז ריכטיק, וואָס מאָסיע זאָגט. איך האָב דאָס שוין אַליין אויסגעפונען! — האָט זיך אַריינגעמישט דאָס יינגל קוקנדיק אויף מאַדאַם דיובואַ מיט בעטנדיקע אויגן.

— אויב מאַדאַם וויל נישט האָבן אין איר הויז אַ זייגער, וואָס איז צוגעראַבירט געוואָרן פון אַ יידישער שטוב, טאָ פאַרקויפט אים מיר! איך וועל באַצאָלן פאַר אים, וויפל . . .

— מאָסיע! — האָט אים איבערגעשלאָגן מאַדאַם דיובואַ מיט אַ שטרענגער שטימע.

— לאָמיר אים טאַקע פאַרקויפן, מאַמאַ! וואָס דאַרפן מיר האָבן אַזאַ אַלטע זאַך? אַ זאַך, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צוריק מיט דריי דורות? — האָט געבעטן דאָס יינגל — לאָמיר אים טאַקע פאַרקויפן און פאַר דעם געלט וועלן מיר קויפן אַ נייען און מאָדערנעם זייגער.

— מיר וועלן וואַרטן, קינד מיינס, ביז דער פּאַפּאַ וועט קומען אַהיים, און מיר וועלן הערן, וואָס ער וועט זאָגן — האָט זיך צוגעאײלט מיט איר ענטפער מאַדאַם דיובואַ, כדי צו באַרואיקן דעם מיטאַמאָל אויפגערעגט געוואָרענעם יינגל. און צום זייגערמאַכער האָט זי געזאָגט:

— אַ גוטן טאָג, מאָסיע!

זי איז אַרויסגעגאַנגען פון עס-צימער, איבערלאָזנדיק מאָרים גאַסטאָנען מיטן זייגערמאַכער. אָבער מאָרים גאַסטאָן האָט מער קיין איין וואָרט נישט געזאָגט צו אים. מיט אַ שטרענגער מינע אויפן פּנים האָט ער זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. דער זייגערמאַכער איז אים נאָכגעגאַנגען. ווען ער איז צוגע-

## דער זייגער רופט...

קומען צו דער פאָראַדנער טיר, האָט ער זי געעפנט, געבליבן שטיין אַן אַ זייט, כדי צו דורכלאָזן דעם זייגערמאַכער און האָט בלויז אַ זאָג געטאָן צו אים:

— אַרעוואַר!

גלייך נאָכדעם האָט ער צוגעמאַכט די טיר הינטער דעם זייגערמאַכער.

---

הגם מאָרים גאַסטאָן האָט זיך געהאַלטן קאַלט און פרעמד בײַם אַרויסבאַגלייטן דעם זייגערמאַכער, האָט ער אָבער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אים און וועגן זײַן זייגער. טוענדיק זײַן שולאַרבעט, האָט ער נישט אויפגעהערט צו וואַרמען מיט אַ ציטער אין האַרצן אויפן צוריקקער פון דעם מאַרקיז פון זײַן ביוראָ.

אויך דאָסמאָל איז ער אים נישט געגאַנגען באַגעגענען. ער האָט געלאָזט, אַז זײַן מוטער זאָל אים באַגעגענען בײַם אַרײַנגאַנג. ער האָט געהאָפט, אַז זי וועט רײדן מיט אים וועגן דעם זייגער און וועגן איר באַגעגעניש מיטן זייגערמאַכער. האָט זי דען אים נישט צוגעזאָגט, אַז זי וועט רעדן מיטן פּאַפּאַ, צי ער וועט וועלן פאַרקויפן דעם זייגער צום ברודער פון דעם זייגערס אייגנטימער?

מאָרים גאַסטאָן האָט איר דעריבער געגעבן גענוג צײַט איבערצורײדן וועגן דעם מיטן מאַרקיז. ער איז מיט אַ כיוון געבליבן אין זײַן צימער ביז דער סאַמע וועטשערע. אין גוטן מוט, גלויבנדיק, אַז די מוטער האָט שוין דערציילט אַלצדינג דעם מאַרקיז וועגן איר געשפּרעך מיטן זייגערמאַכער, איז מאָרים גאַסטאָן אַרײַנגעקומען אין עס-צימער עסן וועטשערע. אָבער דאָס עסן איז שוין באַלד געווען פאַרענדיקט, און ער האָט גאָר קיין איין וואָרט נישט געהערט וועגן דעם זייגער, נישט פון זײַן פאָטער און נישט פון זײַן מוטער. ער האָט געקוקט צו זײַן מוטער מיט פרעגנדיקע אויגן, אָבער זי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי זי וואָלט אים גאָרנישט באַמערקט. ענדלעך האָט געפּלאַצט דעם יינגלס געדולד, און ער האָט זיך אָפּגערופן:

— פּאַפּאַ, מאַמאַ האָט געזאָגט היינט, אַז זי וועט דיך פרעגן, צי דו וועסט מסכים זיין צוריקצוגעבן צום זייגערמאַכער זיין ברודערס זייגער . . .

— צוריקצוגעבן ? — האָט אים באַלד איבערגעשלאָגן דער מאַרקיז — צי דען האָבן מיר ביי אים אַוועקגענומען דעם זייגער, זון? מיר האָבן דאָך געקויפט דעם זייגער !

— און באַצאָלט פאַר אים דעם פולן פרייז — האָט זיך אַריינגעמישט מאַדאַם דיובואַ.

— איך פאַרשטיי, אַז איר האָט באַצאָלט פאַר אים דעם פולן פרייז, מאַמאַ — האָט געענטפערט דאָס יינגל — אָבער דער זייגערמאַכער איז אויך גרייט צו באַצאָלן פאַר אים דעם פולן פרייז, ווייל דאָס איז אַ פאַמיליע־אָנדענק, אַ זאַך, וואָס איז געוירשנט געוואָרן אַזש פון זיין זיידן. פאַרשטייסט, פּאַפּאַ ? אַ זאַך, וואָס ער האָט באַלד אויפן ערשטן בליק דערקאָנט.

— און דו גלויבסט אים? — האָט אים געוואָלט אונטערהאַקן די פליגל דער מאַרקיז.

— אוודאי גלייב איך אים, פּאַפּאַ! ער האָט מיר געוויזן אַ סימן, די אויסגעשניצטע אותיות אינעווייניק, אויפן ווענטל פון זייגער.

אַ לשון איז געבליבן זיצן דער מאַרקיז. ער האָט זיך נאָר איבערגעקוקט מיט זיין ווייב. מאַדאַם דיובואַ האָט זיך דערפילט זייער אומבאַקוועם, וואָס זי האָט פאַרגעסן צו דערציילן איר מאַן, בעת זי האָט דערציילט וועגן דעם זייגערמאַכערס באַזוך אין שטוב, וועגן די אויסגעקריצטע אותיות פון זיין זיידנס נאָמען אויפן אינעווייניקסטן ווענטל פון זייגער:

— איך זע, אַז דו ביסט געוואָרן זייער באַפריינדעט מיטן יידן — האָט דער מאַרקיז געזאָגט כדי צו איבעררייסן דאָס אומבאַקוועמע שטילשווייגן. — וואָס פאַראַ געשיכטעס האָט ער דיר דערציילט, אַ חוץ דער געשיכטע פון דעם זייגער, וואָס מיר האָבן געקויפט אין לאָמבאַרד ?

מאַרים גאַסטאָן האָט נישט געשאָנקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט צום איראָנישן טאָן פון דעם מאַרקיז און האָט געענטפערט אויף זיין פראַגע מיט קינדישער אויפריכטיקייט:

— ער האָט מיר אויך דערציילט וועגן זיין ברודערס יינ־

געלע, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער צייט פון קריג צו־זאַמען מיט זיין ברודערס זייגער . . .

— אַ ייִנגעלע ?! — האָט אויסגעשריִען מאַדאַם דיובואַ מיט שרעק אין איר שטימע.

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז די נאַציס, וואָס האָבן ביי דעם זייגערמאַכערס ברודער צוגעראַבירט דעם זייגער, האָבן אויך ביי אים אַוועקגענומען זיין קינד ? — האָט דער מאַרקיז גע־שמייכלט מיט יאַשטשערקעס. — האָבן זיי עס אפשר אויך פאַר־זעצט אין לאָמבאַרד, מאָרים גאַסטאָן ?

— ניין, פּאַפּאַ ! דאָס קינד האָבן זיי אַוועקגעגעבן אין אַ מאָנאַסטיר, מען זאָל עס דאָרט אָפּהיטן, ביז וואַנען עס וועט אַריבער דער קריג מיט די דייטשן . . .

— אין אַ מאָנאַסטיר ? — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מאַדאַם דיובואַ, אָבער באַלד האָט זי זיך צוריקגעכאַפּט און מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז די זאַך אינטערעסירט איר נישט, האָט זי באַלד איבערגעשלאָגן דעם געשפּרעך און דערמאָנט איר מאַן, אַז מען וואַרט אויף אים אין הויז פון זייערע פריינד. זי האָט גלייך פאַרלאָזט דעם טיש. דער מאַרקיז איז איר נאָכגעגאַנגען.

אַ פאַרטראַכטער איז געבליבן מאָרים גאַסטאָן זיצן איינער אַליין ביים טיש.

„זאָל עס זיין, אַז זיי איילן זיך טאַקע ערגעץ ? אָדער די געשיכטע פון דעם פאַרפאַלן געוואָרענעם ייִנגעלע איז זיי נישט געפעלן געוואָרן?" — האָט געקלערט דאָס ייִנגל. אָבער פאַר־וואָס האָבן זיי נישט געוואָלט אפילו אויסהערן וועגן דער גע־שיכטע מיט דעם פאַרלוירענעם קינד? אפשר ווייסן זיי עפּעס וועגן דעם ?

---

אין יענער נאַכט האָט מאָרים גאַסטאָן ווידער נישט גע־קענט איינשלאָפן. אַלערליי געדאַנקען האָבן זיך געדרייט אין זיין קאָפּ. עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס זיינע עלטערן האָבן זיך אויפגעהויבן פון טיש נישט געבנדיק אים קיין קלאָרן ענט־פער, צי זיי וועלן צוריקגעבן דעם גרויסן זייגער צום זייגער־מאַכער. אָבער נאָכמער פון דעם האָט אים געערגערט וואָס

זיי האָבן אויך אין דעמזעלבן אָוונט אויסגעמיטן צו באַרירן די פראַגע וועגן זיינע אמתע עלטערן, די פראַגע, אויף וועלכער ער מאָנט שוין אַן ענטפער אַזאַ לאַנגע צייט . . .

דאָס איז דאָך געווען דער פּאָסיקסטער אָוונט — האָט מאָרים גאָסטאָן געטראַכט — קיינער איז דאָך נישט געווען פון פרעמדע מענטשן ביים טיש. טאָ פאַרוואָס מיידן זיי אויס מיר צו געבן אַן ענטפער? פאַרוואָס? זאָל דאָס זיין דערפאַר, וואָס זיי ווילן אים נישט אָנטאָן קיין צרות פאַר די גראַדואיר־עקזאַמענס ? זאָל עס זיין, אַז דערפאַר מיידן זיי אויס אָנצו רירן די פראַגע וועגן זיין אָפּשטאַם ? שטאַם איך טאַקע פון נידעריקע מענטשן, אָדער אפשר גאָרנישט פון אַזעלכע נידע־ריקע, ווי איך מיין? אפשר דערציילן זיי מיר גאָרנישט דער־פאַר, ווייל זיי האָבן מורא, אַז איך וועל וועלן זיך אומקערן צוריק צו מיינע אמתע עלטערן, ווען איך וועל וויסן, ווער זיי זיינען ? . . .

ווי עס איז געווען זיין שטייגער, ווען ער איז געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט, האָט זיך מאָרים גאָסטאָן אויך אין דער נאַכט אַרונטערגעלאָזט אויף די קני פאַר דער איקאָנע און געפּליסטערט:

„פּאָטער נאָסטער, פּאָטער אונדזערער, גיב זיי אַריין אַ געדאַנק, אַז זיי זאָלן מיך מער נישט מאַטערן מיט דער גרוי־סער רעטעניש. איך וויל וויסן, ווער איך בין און פון וואַנען איך שטאַם" . . .

נאָך אַ לאַנגן געבעט האָט ער זיך אַביסל באַרואיקט און האָט זיך צוריק אַריינגעלייגט אין בעט. אָבער פּלוצלונג האָט ער דערהערט אַ מאָדנע קלינגען. דאָס קלינגען איז אים גע־קראָכן אַזוי שטאַרק אין די אויערן, אַז דער קאָפּ האָט אים גענומען ווייטאָן. „דאָס קלינגט דער זייגער" — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין — „פאַרוואָס קלינגט ער אַזוי פיל מאָל ? וואָס וויל ער מיר אָנזאָגן?"

צווישן איין קלונג און אַ צווייטן האָט ער דערהערט אַ מאָדנע שטימע:

„איך וויל דיר אָנזאָגן, מאָרים גאָסטאָן, אַז דו זאָלסט נישט שלאָפן ! זאָלסט זיין וואַך! דו וועסט גאָר אין גיכן אויסגעפי־

## דער זייגער רופט...

נען די רעטעניש וועגן דיין אָפּשטאַם, דעם סוד, וואָס מען וויל נאָך אַלץ באַהאַלטן פון דיר" . . .

מאַרים גאַסטאָן האָט געעפנט זיינע אויגן — און עס איז גע־ווען אַ חלום. אַ בלאַסער און מידער איז ער אויפגעשטאַנען נאָך דעם מאָדנעם חלום. זיינע עלטערן האָבן באַמערקט, אַז ער זעט נישט אויס גוט, אָבער נישט דער מאַרקיז און נישט זיין פרוי האָבן געוואָלט מיט אים פאַרפירן אַ געשפּרעך. ביידע האָבן געמאַכט דעם אָשטעל, אַז זיי אינטערעסירט נאָר די צייַ־טונג, אין וועלכער זיי האָבן געקוקט. אַן אַנטטוישטער איז מאַרים גאַסטאָן אַוועק אין ליציי.

נאָך דער שול האָט ער זיך נישט צוריקגעקערט גלייך אַהיים. ער איז פאַרפאָרן קיין אַנדערלעכט.

— איר זיינט זייער שטאַרק פאַרנומען, מאָסיע ? — האָט ער געפרעגט דעם זייגערמאַכער, ווען ער איז אַריינגעקומען אין זיין געשעפט.

— אַפילו ווען איינער איז שטאַרק פאַרנומען, דאַרף ער אויך געפינען צייט אַ שמועס צו טאָן מיט אַזאַ יינגל, ווי דו ביסט, מאַרים גאַסטאָן — האָט געענטפערט דער זייגערמאַ־כער, נישט אַרונטערנעמענדיק דאָס רערל פון זיין אויג.

— מאָסיע, איר זיינט מיר שולדיק אַ שטיקל געשיכטע, וואָס איר האָט איבערגעריסן אינמיטן אין יענער נאַכט, זונען איך האָב אייך באַגלייט אַהיים . . .

— וועגן אונדזער אַנטלויפן פון די דייטשן ? מיר זיינען נישט געווען די איינציקע. עס זיינען געלאָפן טויזנטער יידן... אַ טייל האָט אָפּגעגאָלטן און זיי זיינען געבליבן לעבן בלויז מיט אויסגעברענטע נומערן אויף זייערע אָרעמס, ווי איך און מיין ברודער. אָבער די ווייט־גרעסטע מערהייט איז אינגאַנצן אומגעקומען, פאַרברענט געוואָרן אין מאַידאַנעק און טרע־בלינקע, אין די נאַצישע גאַז־קאַמערן און אין טויט־לאַגערן...

— ווי אַזוי זשע זיינט איר לעבן געבליבן, מאָסיע ? איר און אייער ברודער ?

— די וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן נאַצי ביי אַרבעט, פאַר וועלכער די דייטשן האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע אַרבע־טער, זיינען געבליבן לעבן. גאַנץ פשוט: מיר ההבן פאַרריכט

די זייגערס, וואָס זיי האָבן צוגענומען ביי זייערע קרבנות ...
און אונדזערע ווייבער האָבן געשליפן פאַר זיי דימענטן פאַר
זייערע מלחמה־אינסטרומענטן, פאַר זייערע אַוויאָנען. פאַר
די גאָר קאָמפּליצירטע אַרבעטן האָבן די נאַציס נישט געהאַט
גענוג אַרבעטס־הענט און דערפאַר האָבן זיי אונדז געלאָזט
לעבן ... גאַנץ איינפאַך! דער נאַצי האָט געמאַכט זיין חשבון
ווי יעדע ווילדע חיה: כל זמן איך דאַרף דיך האָבן, לעבסטו ביי
מיר. דאַרף איך דיר שוין נישט מער — פאַרברען איך דיך
אין גאַז־אויוון ...

— האָט ער דערפאַר אויך פאַרברענט אייער ברודערס
קינד, מאַסיע?

— ניין, דאָס קינד האָבן די נאַציס נישט געטשעפּעט. עס
איז דאָך געווען אין אַ מאָנאַסטיר אין אַנטווערפּן, און דער
מאָנאַסטיר איז געבליבן אומבאַשעדיקט פון קריג.

— טאָ ווי אַזוי זשע איז פאַרפאַלן געוואָרן דאָס יינגעלע
פון אייער ברודער, מאַסיע?

— ווי אַזוי? ווען מיר זיינען צוריקגעקומען קיין אַנט־
ווערפּן שוין נאָך דער באַפרייאונג פון בעלגיע און מיר האָבן
געפאָדערט, אַז מען זאָל אונדז צוריקגעבן דאָס קינד, וואָס מיר
האָבן איבערגעלאָזט אין מאָנאַסטיר, האָט קיינער מיט אונדז
אפילו נישט געוואָלט ריידן דערפון ...

—קיינער נישט? אפילו נישט דער הויפּט־גלח?

— מען האָט אונדז אפילו נישט געוואָלט אַריינלאָזן אינע־
ווייניק. מען האָט גערעדט צו אונדז בלויז דורך אַ קליין פענצ־
טערל. איינער האָט געזאָגט, אַז דער מאָנאַסטיר האָט קיינ־
מאָל נישט אַריינגענומען קיין קליינע קינדערלעך. אַ צווייטער
האָט געענטפערט, אַז ער איז אַ נייער, ערשט נאָכן קריג גע־
קומען אין מאָנאַסטיר און דעריבער ווייסט ער פון גאָרנישט...
אַ דריטער האָט געענטפערט, אַז מסתמא האָט זיך אונדז דאָס
געחלומט אַזאַ חלום וועגן אַ קינד, וואָס איז ביי זיי, און האָט
אונדז געראָטן, אַז מיר זאָלן זיך אויפכאַפּן פון שלאָף און גיין
זוכן דאָס קינד אין דעם פּלאַץ, וווּ מיר האָבן עס טאַקע אין
דער אמתן איבערגעלאָזט ... די אונטערשטע שורה — מיר
זוכן נאָך ביז היינט אונדזער קינד. איך און מיין ברודער,

## דער זייגער רופט...

דער טאַטע פון ייִנגעלע. און ווער ווייסט, צי מיר וועלן נאָך אַמאָל אים ווען עס איז געפינען . . .

— איר האָט שוין אינגאַנצן פאַרלוירן די האָפענונג, מאַסיע ? — האָט ווידער געפרעגט מאַרים גאַסטאָן.

— ניין, יידן ווערן נישט אָן זייער האָפענונג אַזוי שנעל. מיר זוכן און מיר וועלן ווייטער זוכן ! ביזן טאָג פון אונדזער טויט וועלן מיר זוכן. מיין ברודערס פרוי זוכט איר קינד ביי יעדן קלויסטער. זי שטייט אויף יעדן פרימאָרגן צו יעדער גאַטעסדינסט, ווייל זי האַלט, אַז אויב איר קינד איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין אַ מאָנאַסטיר, איז עס זיכער זייער פרום, און דעריבער האָפט זי אים צו געפינען לעבן אַ קלויסטער . . .

— אָבער ווי אַזוי וועט זי דערקאָנען איר ייִנגל, מאַסיע ? איר זאָגט דאָך, אַז דאָס קינד דאַרף שוין איצט זיין אַ ייִנגל פון אַ יאָר פערצן. און זי האָט דאָך אים נישט געזען פון זינט ער איז אַלט געווען קוים אַ האַלב יאָר ? . . . .

— זי זאָגט, אַז אַ מוטער קען דערפילן זאַכן, וואָס מען קען גאָרנישט באַגרייפן מיטן פשוטן שכל. אין דעם טאָקע באַשטייט מיין שוועגערינס קראַנקהייט. זי גייט צו צו יעדן ייִנגל, וואָס זעט אוים צו זיין ענלעך צו איר צוגעגנבעטן זון . . .

— „צוגעגנבעטן זון"? וואָס מיינט איר, מאַסיע ? דענקט איר, אַז די מאָנאַשקעס האָבן דאָס קינד צוגעגנבעט, כדי אים צו דערציען ווי אַ גלח ? . . .

— און אפשר כדי אים צו פאַרקויפן צו רייכע און קינדערלאָזע עלטערן פאַר אַ גרויסער סומע געלט, אָדער פאַר אַ גרויסער נדבה פאַר דעם מאָנאַסטיר . . .

דער זייגערמאַכער האָט איצט אַרונטערגענומען דאָס רעדל פון זיין אויג און האָט זיך איינגעשניטן מיט זיין בליק אין דעם ייִנגלס אויגן. מאַרים גאַסטאָן האָט זיך פּלוצלונג דערפילט אַזוי מאָדנע שוואַך אַנטקעגן דעם שניידנדיקן און טרויעריקן בליק, אַז ער האָט זיך איף שנעל געזעגנט און האָט פאַרלאָזט דאָס געשעפט.

---

צופוס איז מאַרים גאַסטאָן געגאַנגען פון אַנדערלעכט ביז צו זיין אַריסטאָקראַטישער געגנט פון בואַ דעלאַקאָבר, ווו עס איז געשטאַנען דער קליינער פּאַלאַץ פון מאַרקיז דיובואַ. גיי-ענדיק, האָט ער געוואָלט צעפּלאָנטערן דעם גרויסן פּלאָנטער פון געדאַנקען, וואָס האָבן אָנגעפילט זיין קאָפּ און זיין האַרץ.

די שטימע אין זיין חלום האָט אים געזאָגט, אַז ער שטייט ביים אַנטפּלעקן זיין גרויסן סוד, ביים קלאָר מאַכן די רעטעניש פון זיין אָפּשטאַם. אָבער ער קען נאָך אַלץ נישט צעפּלאָנטערן זיין גרויסן פּלאָנטער. אָבער עס מוז דאָך נעמען דערצו אַ סוף! ער מוז דאָך איין מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף צו דעם גרויסן סוד און זיך דערוויסן, ווער ער איז און ווער עס זיינען על-טערן! היינט מוז טאַקע נעמען אַ סוף צו דער רעטעניש — באַלד היינט!

ווען מאַרים גאַסטאָן איז געקומען אַהיים, האָט ער צו זיין שטוינען געטראָפן זיין מוטער אין שטוב. ביז דעם טאָג פּלעגט זי אויסמיידן צו זיין אין דער היים, ווען ער פּלעגט קומען פון ליציי, און פּלעגט זיך נישט ווייזן פאַר אים, ביז צו דער וועטשערע.

— מאַמאַ! — האָט ער אויסגערופן מיט אויפרעגונג — צום ערשטן מאָל אין משך פון די לעצטע עטלעכע וואָכן וואַרטסטו אויף מיר אין דער היים.

ער איז אַרויפגעפאַלן אויף איר האַלדז און זי אָנגעפאַנגען היים צו קושן:

— היינט, מאַמאַ, היינט מוז דאָס נעמען אַ סוף. איך קען דאָס שוין מער נישט אַריבערטראָגן . . . איך קען נישט מער אַרומגיין אין דער פינצטער. איך מוז דאָס וויסן היינט! טאַקע באַלד! מאַמאַ, האָב רחמנות אויף מיר! ווער בין איך? ווער זיינען געווען מיינע עלטערן? איך בין קראַנק פון דעם סוד און פון דער רעטעניש! . . .

מאַדאַם דיובואַס פיס האָבן זיך אונטערגעהאַקט פון אויפ-רעגונג און שרעק. זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן ערשטן בעסטן שטול, וואָס זי האָט געטראָפן אין צימער.

דאָס יינגל איז געפאַלן צו אירע פיס, איינגעגראָבן זיין קאָפּ אין אירע הענט און געבעטן:

## דער זייגער רופט...

— האָב רחמנות אויף מיר, מאַמאַ! דערציילט מיר דעם אמת!

— איך האָב זייער מורא, מיין קינד, אַז דער אמת וועט דיר פאַרשאַפן פיל ווייטאַג.

— זאָל זיין ווייטאַג, אבי דער אמת! אפילו אויב מיינע עלטערן זיינען געווען זייער שלעכטע מענטשן... אפילו אויב זיי זיינען געווען גנבים, רוצחים, איך וויל וויסן נאָר דעם אמת!... פאַרוואָס באַהאַלט איר אוים פון מיר דעם אמת, פאַרוואָס?!

— ווייל איך וויל דיר נישט וויי טאָן, מיין זון... ווייל, דיינע עלטערן... זיינען געווען...

— געווען וואָס?! מאַמאַ! ווער? וואָס זיינען זיי געווען, וואָס?!

— יידן!...

מאַרים גאַסטאָן האָט זיך צעוויינט מיטאַמאָל אויפן קול.

מאַדאַם דיובוא האָט נישט געוווסט, פאַרוואָס ער וויינט אַזוי שטאַרק אויפן קול, ווייל זי האָט נישט געהערט, ווי ער האָט געמורמלט צו זיך אַליין: „איך האָב עס געפילט! שוין לאַנג, ווי איך האָב עס געפילט!"...

— באַרואיק זיך, קינד מיינס — האָט זיך ביי אים געבעטן מאַדאַם דיובוא — עס איז נאָר דיין שולד! איך האָב עס דיר נישט געוואָלט קיינמאָל אויסזאָגן... דו האָסט געוואָלט אַזוי... באַרואיק זיך...

---

אין יענעם אָוונט, ביי דער וועטשערע, האָט קיינער ביים טיש נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. נישט דער מאַרקיז, נישט מאַדאַם דיובוא און נישט מאַרים גאַסטאָן.

יעדער איינער פון זיי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז זייער הונגעריק און אַז עס גייט אים אָן נאָר דאָס עסן... נאָכן עסן האָבן אַלע שנעל פאַרלאָזט דאָס עס-צימער.

בעת דער מאַרקיז מיט זיין ווייב האָבן זיך ווידער געסור-דעט אין דעם וויייטן סאַלאָן וועגן זייער אַדאָפּטירטן זון און וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען היינט פאַרמיטאָג צווישן זיין

פרוי און מאַרים גאַסטאָנען, האָט דאָס ייִנגל פאַרלאָזט דאָס הויז און געפאָרן ווידער צום זייגערמאַכער קיין אַנדערלעכט.

— מאָסיע ! — האָט ער אויסגעשריען מיט אַ ציטערדיקער שטימע, נאָך איידער דער זייגערמאַכער האָט אים אַנידערגעזעצט אין זיין סאַלאָן אויף אַ שטול — איך בין אַ ייִד ! אַ ייִדיש קינד ! אַ ייִד !

— איר ווונדערט זיך גאָרנישט, מאָסיע ?!! — האָט מאַרים גאַסטאָן געפרעגט מיט אויפרעגונג, ווען ער האָט געזען. אַז רער זייגערמאַכער האָט גאַנץ גלייכגילטיק אַרונטערגעלאָזט זיין קאָפּ.

— איך האָב עס שוין לאַנג געוווסט, געפילט . . . מאַרים גאַסטאָן !

— שוין לאַנג? פאַרוואָס זשע האָט איר מיר גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם, מאָסיע ?

— ווייל איך האָב געוואַרט, אַז דו אַליין זאָלסט דאָס אויסגעפינען . . .

— פאַרוואָס אָבער האָט איר מיר אפילו נישט אָנגעדייט וועגן דעם ?

— ווייל איך האָב נישט געוואָלט צעשטערן דיין רו, מאַרים גאַסטאָן !

— מיין רו איז שוין סיי ווי צעשטערט געוואָרן פון יענעם טאָג, ווען דער גרויסער זייגער האָט זיך פּלוצלונג אַזוי צעקלונגען. פון דענסטמאָל אָן, מאָסיע, פיל איך, אַז דער זייגער רופט מיך ערגעץ, אַז ער מאָנט עפּעס ביי מיר . . . אָבער איך האָב די גאַנצע צייט נישט געוווסט, וואָס ער מאָנט פון מיר! איצט ווייס איך שוין גענוי, וואָס דאָס באַדייט. דער זייגער רופט מיך, אַז איך זאָל וואָס פריער זיך צוריקקערן צו מיין שטאַם! און דערפאַר טאַקע בין איך געקומען צו אייך, מאָסיע ! איך וויל אייך אָנזאָגן, אַז איך בין אַ ייִד, און אייך בעטן, אַז איר זאָלט מיר העלפן זיך אומקערן צוריק צו ייִדישקייט . . .

— באַטראַכט זיך צוערשט, מאַרים גאַסטאָן ! עס איז נישט פון די לייכטע זאַכן. דו האָסט גוטע עלטערן. דער מאַרקיז און זיין פרוי האָבן דיך זייער ליב . . .

— עס איז אמת, אַז זיי האָבן מיר טאַקע זייער ליב —

## דער זייגער רופט...

האָט אים מאָרים גאַסטאָן איבערגעשלאָגן די רייד — אויך איך האָב זיי ליב און איך בין זיי זייער דאַנקבאַר פאַר דער ליבע, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן. אָבער... איך וויל געפינען מיינע אמתע עלטערן און זיך אומקערן צו זיי און צו זייער גלויבן . . .

— אפשר וועלן זיי דיר נישט געפעלן ווערן, נאָכדעם ווי ס'האָסט לאַנגע יאָרן געלעבט ווי אַ מאַרקיז . . .

— ווי אַ פאַלשער מאַרקיז, מאָסיע! איך וויל שוין מער נישט זיין קיין פאַלשער מאַרקיז! איך וויל זיין דאָס, וואָס איך בין אין דער אמתן. אַ זון פון פשוטע עלטערן, פון יידן...

— דו ביסט דאָך אָבער אויפגעהאָדעוועט געוואָרן ווי אַ קריסט, ווי אַ קאַטאָליק, מאָרים, אפשר וועט דער יידישער גלויבן דיר נישט געפעלן ווערן? עס וועט זיין פאַר דיר זייער נישט לייכט זיך צוצופּאַסן צום נייעם שטייגער פון לעבן . . .

— איך ווייס און איך בין גרייט דערצו, ווייל איך וויל שוין מער נישט זיין קיין פאַלשער קאַטאָליק, פונקט ווי איך וויל שוין מער נישט זיין קיין פאַלשער מאַרקיז . . . העלפט מיר, מאָסיע! העלפט מיר אויפזוכן מיינע אמתע עלטערן! העלפט מיר! . . .

— אָבער וואָס דענקסטו צו טאָן, מאָרים גאַסטאָן, טאָמער וועלן מיר נישט קענען אויפזוכן דיינע אמתע עלטערן?

— איר מיינט, מאָסיע, טאָמער זיינען זיי אומגעקומען אין די דייטשע גאַז-קאַמערן אָדער אין אַ טויט-לאַגער ביי די נאַצים? . . .

— וואָס וועט זיין דאַן? — האָט אַ טרויעריקער געשמיי-כלט דער זייגערמאַכער.

— מיר וועלן נישט אויפהערן צו זוכן, מאָסיע! מיר וועלן זוכן, פונקט ווי איר און אייער ברודער זוכן דאָס קינד, וואָס מען האָט אייך נישט געוואָלט אומקערן צוריק פון מאָנאַסטיר...

— זייער אַ שווערן יאָך נעמסטו אויף זיך, מאָרים גאַסטאָן...

— עס שרעקט מיר קיין שום זאַך נישט, מאָסיע! זוכן מיינט געפינען!

דער זייגערמאַכער האָט געקוקט אויפן יינגל אַ לענגערע צייט נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט.

— וועט איר מיר העלפן אָנפאַנגען זוכן, מאַסיע ?

— איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איך קען, אַלץ וואָס איז מעג־לעך, אָבער דו מוזט אויסגעפינען ביי דעם מאַרקיז דיובוא די דאַטע פון אַדאָפּטירן דיך און דעם נאָמען פון די מענטשן, וואָס האָבן דיך איבערגעגעבן צו די דיובואס . . .

---

ווען מאָרים גאַסטאָן איז געקומען אַהיים אין יענער נאַכט, האָט ער זיך שטילערהייד אַריינגעגנבעט אין זיין צי־מער, כדי דער מאַרקיז און זיין פרוי זאָלן נישט באַמערקן, אַז ער איז געווען אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. ער האָט זיך אויף שנעל אַריינגעלייגט אין בעט אַריין, ווייל ער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן אים טרעפן אַ שלאָפנדיקן, ווען זיי וועלן אריינקומען אין זיין צימער, ווי עס איז געווען זייער שטייגער יעדע נאַכט.

ווען זיי האָבן אים געקושט ווי געוויינלעך, מיינענדיק, אַז ער שלאָפט, האָט ער שיער זיך נישט צעוויינט. אָבער ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון זיין צימער אויף די שפּיץ פינ־גער, האָט ער געקלערט:

„זיי האָבן מיך ליב, איך האָב זיי אויך ליב ! אָבער מיינע עלטערן מוז איך אויסגעפינען ! און אפילו אויב עס וועט מיר דויערן יאָרן, אַ סך יאָרן דאָס צו דערגרייכן, מוז איך זיך אומ־קערן צוריק צו מיין שטאָם . . . איך וויל מער נישט זיין קיין פאַלשער מאַרקיז און נישט קיין פאַלשער קאַטאָליק . . .״

מיט דעם דאָזיקן פעסטן באַשלוס אין האַרצן איז ער צו־מאָרגנס פרי אַריין אין עס־צימער עסן פרישטיק. צו זיין גרוי־סער פרייד האָט ער געזען, אַז דער מאַרקיז איז געקומען אַליין עסן פרישטיק.

— מאַמאַ האָט אַ שטאַרקן קאָפּווייטאָג — האָט ער געזאָגט צום יינגל — לאָמיר האָפן, אַז דאָס וועט איר שנעל אַריבער־גיין.

— יאָ, פּאַפּאַ — האָט געזאָגט מאָרים גאַסטאָן — אָבער דערווייל וויל איך רעדן מיט דיר עטלעכע ווערטער, ווי אַ מאַן צו אַ מאַן . . .

— ווי אַ מאַן צו אַ מאַן ? — האָט געשמייכלט דער מאַרקיז — דו ביסט דאָך נאָך אַ קליין קינד, זון !

דער זייגער רופט...

— איך בין שוין לאַנג נישט קיין קינד, פּאַפּאַ! און נעכטן האָב איך אויך אויסגעפונען פון מאַמאַ, אַז איך בין אַ ייד!...

— דו ביסט נישט קיין ייד, קינד מיינס! דיינע עלטערן זיינען טאַקע געווען יידן, אָבער...

— דאָס מיין איך טאַקע, פּאַפּאַ! — האָט מאַרים גאַסטאָן אים נישט געלאָזט ענדיקן — איך וויל טאַקע אומקערן זיך צוריק צו זיי, צו זייער גלויבן, צו זייער שטאַם!

— אומקערן?! דאָס איז נישט פון די לייכטע זאַכן, קינד מיינס.

— איך ווייס, פּאַפּאַ, אָבער איך האָב דאָס שוין באַשלאָסן... איך וויל זיך אומקערן צוריק צו מיין שטאַם!

— דו נעמסט אויף זיך זייער אַ שווערע זאַך, קינד! ווייסטו דען, וואָס עס הייסט צו זיין אַ ייד? אַלע טירן וועלן זיין פאַר דיר געשלאָסן... קיין קאַריערע וועסטו שוין נישט קענען מאַכן...

— איך ווייס, פּאַפּאַ, איך ווייס! אָבער טראָץ דעם וויל איך מער נישט זיין קיין פאַלשער קריסט...

— דער גלח זאָגט, אַז עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ גוטער קריסט צווישן אַלע יינגלעך ווי דו, מאַרים גאַסטאָן, אין זיין קלויסטער...

— אָבער איך וועל שוין קיינמאָל מער נישט קאָנען בעטן צום „פאָטער נאָסטער", ווי איך פלעג בעטן ביז איצט... איך וויל זיך אומקערן צו מיין אמונה, צו דעם גלויבן פון מיינע עלטערן. זאָג מיר, פּאַפּאַ, זייער נאָמען. איך וויל זיי זוכן...

— אומזיסט וועט זיין דיין זוכן, זון!

— פאַרוואָס אָבער, פּאַפּאַ!? פאַרוואָס? איר דענקט, אַז זיי לעבן שוין נישט מער?

— איך בין זיכער, אַז זיי זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט פילע אַנדערע יידן אין די גאַז־קאַמערן. איך האָב פאַרגעסן, ווי עס האָט געהייסן דער לאַגער...

— אין מאַידאַנעק, פּאַפּאַ?

— דוכט מיר, אַז אַזוי האָט מען גערופן דעם לאַגער, ווו עס זיינען אומגעקומען אַזוי פיל פון זיי...

— אָבער אַ סך האָבן זיך אויך אומגעקערט פון די לאַגערן...

## זינא ראַבינאָוויטש

— זייער ווייניק, זון מיינער!

— יאָ, פּאַפּאַ! איך ווייס, אָבער זוכן דאַרף איך! איך מוז זוכן! דו מוזט מיר זאָגן זייער נאָמען, פּאַפּאַ! זאָג מיר דעם נאָמען פון מיין פאָטער, פון מיין מוטער . . .

— אָבער פונוואַנען זאָל איך וויסן זייערע נעמען, זון? אין מאָנאַסטיר האָט מען אונדז נישט געגעבן קיין שום נאָמען...

— אין מאָנאַסטיר?! פּאַפּאַ, אין מאָנאַסטיר אין אַנט־ווערפּן? . . .

מאַרים גאַסטאָן איז אַרויפגעפאַלן פלוצלונג אויפן מאַרקיז צום האַלדז און אים אָנגעהייבן שטאַרק צו קושן מיט טרערן אין די אויגן. און בעת ער האָט געקושט דעם מאַרקיז האָט ער געהאַלטן אין איין מורמלען: „איך דאַנק אייך, פּאַפּאַ! איך דאַנק אייך!״ . . .

---

יענעם טאָג האָט מאַרים גאַסטאָן געהאַלטן אין איין שמייכלען. ער האָט געשמייכלט צו זיך און צו יעדן איינעם, וואָס איז אים געקומען אַנטקעגן אין ליציי. און בעת ער האָט געשמייכלט, האָט ער געהאַלטן אין מויל איין וואָרט — „מאָנאַסטיר״. דאָס וואָרט איז אים איצט געוועזן טייערער פון אַלע ווערטער אין דער וועלט. אין מאָנאַסטיר האָבן אים דער מאַרקיז און זיין פרוי געקויפט! אין זעלבן מאָנאַסטיר פון אַנטווערפּן, ווו עס איז פאַרפאַלן געוואָרן דאָס יינגעלע פון דעם זייגערמאַכערס ברודער, טאַקע דאָס קינד, וואָס איז אים געבוירן געוואָרן אַכצן יאָר נאָך דער חתונה, מיט קאַרגע פערצן יאָר צוריק . . .

מיט אַ האַרץ, וואָס האָט געקלאַפּט פיל שנעלער ווי יעדן טאָג, האָט מאַרים גאַסטאָן איבערגעחזרט אַלע ווײַלע דאָס וואָרט „מאָנאַסטיר״ . . .

ווען ער איז נאָך די ליציי־שעהן גלייך אַריינגעקומען צום זייגערמאַכער פון אַנדערלעכט אין זיין געשעפט, האָט מאַרים גאַסטאָן אויסגעזען אַזוי בלאַס און מאָדנע פון אויפרעגונג, אַז יענער האָט מיט זאָרג גלייך אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס זעסטו אויס אַזוי בלאַס, מאַרים גאַסטאָן? וואָס האָט פּאַסירט?

## ד ע ר ז י י ג ע ר ר ו פ ט . . .

— פרעגט נישט, וואָס האָט פּאַסירט, מאַסיע! פרעגט בע־סער, ווו עס האָט פּאַסירט . . .

— איך פרעג, ווי דו הייסט מיר, מאַרים גאַסטאַן, ווו האָט עס פּאַסירט ?

— אין מאַנאַסטיר ! . . . אין אַנטווערפּן ! . . .

— איך האָב זיך שוין פון לאַנג אָנגעשטויסן, אַז עס האָט פּאַסירט דאָרט, אין יענעם מאַנאַסטיר אין אַנטווערפּן — האָט אַ געריר־טער געפּליסטערט דער זייגערמאַכער, און טרערן זיינען געפאַלן פון זיינע טרויעריקע אויגן, ווען ער האָט אויסגע־שטרעקט זיינע הענט צום יינגל.

— פאַרוואָס זשע האָט איר מיר ביז איצט גאָרנישט גע־זאָגט, פעטער?!. . . — האָט דאָס יינגל געפּליסטערט, פאַלנ־דיק אויפן זייגערמאַכערס האַלדז.

— איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט נישט וועלן אומ־קערן זיך צוריק צו אונדז, משהלע ! אָבער לאָמיר נישט פאַר־לירן קיין צייט. לאָמיר גלייך טעלעפאָנירן צו דיין טאַטן און צו דיין מאַמען קיין פּאַריז ! . . .

נאָך דעם ווי דער טעלעפאָן האָט פאַרבונדן דעם זייגער־מאַכער מיט פּאַריז, ווו עס האָט געוווינט זיין ברודער מיט זיין פרוי, מאַרים גאַסטאָנס אמתע עלטערן, האָט ער שטיל אַ פּליסטער געטאָן צום יינגל:

— צוערשט וועל איך ריידן מיט זיי. איך וויל זיי ווי גע־העריק צוגרייטן צו אַזאַ בשורה . . . זיי קאָנען חלילה אני־דערפאַלן ביים טעלעפאָן פון גרויס פרייד . . . שפּעטער וועל איך דיר קאָנען איבערגעבן דאָס טרייבל . . .

---

וואָס איז געווען דער סוף פון דער אמתער געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט אין בעלגיע אין יאָר 1953 ?

עס זיינען נישט אַריבער אפילו קיין 24 שעה, און מאַרים גאַסטאָנס אמתע עלטערן זיינען געקומען שנעל צו פאָרן פון פּאַריז קיין בריסעל צו זייער געטרייען ברודער און שוואָגער פון אַנדערלעכט.

דער זייגערמאַכער האָט איינגעאָרדנט לכבוד זיי און זיין

פלימעניק אַ גרויסע שמחה און האָט איינגעלאַדן פיל יידן פון בריסעל אָנטייל צו נעמען אין דער פייערונג. גרויס איז געווען די שמחה פון די עלטערן, וואָס האָבן נאָך קאַרגע פערצן יאָר געפונען זייער קינד, וואָס זיי האָבן געהאַט איבערגעלאָזט אין אַ מאָנאַסטיר. גרויס איז אויך געווען מאַרים גאַסטאָנס פרייד, ווען ער האָט ענדלעך דערזען זיינע אמתע טאַטע־מאַמע.

זינט אַ לענגערע צייט האָט ער שוין געפילט, אַז ער באַ־יאַנגט נישט מער צו די אדל־לייט פון בריסעל. דאָך האָט ער נישט איבערגעריסן מיטאַמאָל זיינע באַציאונגען מיטן מאַרקיז דיובואַ און מיט זיין פרוי. ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז זיי האָבן אים אויסגעהאָ־דעוועט אין משך פון די ערשטע דרייצן יאָר פון זיין לעבן, און ער האָט זיי געבעטן צו קומען צו אים קיין פאַריז, אין דער היים פון זיינע אמתע עלטערן, אויף אַ באַזוך.

הגם עס איז געווען זייער שווער פאַר מאַרקיז און מאַדאַם דיובואַ צו צעשיידן זיך מיט זייער אַדאָפּטירטן זון, זיינען זיי געווען אַזוי גערירט פון זיינע איידעלע רייד, מיט וועלכע ער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס ער וויל זיך צוריק אומקערן צו זיינע טאַטע־מאַמע און צו יידישקייט, אַז זיי האָבן נישט געקענט באַהאַלטן זייערע טרערן, נישט פון אים און נישט פון זיינע עלטערן . . . זיי האָבן זיך אַלע געזעגנט ווי אמתע גוטע פריינד, זיך געקושט און געהאַלדזט. אָבער צום סוף האָט מאַדאַם דיובואַ אַ זאָג געטאָן צו מאַרים:

— דיין גרויסן זייגער, מאַרים, ווילן מיר דיר אַרויסשיקן מיט פּראַכט, אָבער דערווייל נעם מיט דעם שליסל... מיט דעם שליסל וועסטו אים קאָנען איינשטעלן, אויב ער וועט אַמאָל זיך ווידער צעקלינגען . . .

און זי האָט אָנגעטאָן דעם שליסל אויף זיין גאָלדענער קייט.

בעת מאַרים האָט אַריינגעטאָן דעם שליסל מיט דער קייט אין קעשענע, האָט ער געקלערט:

„איך גלייב, אַז דער זייגער וועט זיך שוין מער נישט צע־קלינגען! ער האָט דאָך מיר שוין אָנגעזאָגט אַלץ, וואָס ער האָט מיר געדאַרפט אָנזאָגן” . . .